# אידישע קלאסיקער־ביבליאטעק

## פאַר שול און פאָלק

ארויסגעגעבען פון דער

**פאָלק שול אָרגאַניזאַציע**

פון

**אידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד**

## יהודה שטיינבערג

צוזאמענגעשטעלט, רעדאגירט און דערקלערט

פון

**ש. שאפירא**


ניו יארק, 1926

פארלאג „פאָלק-שול"

228 East Broadway, New York

# דערקלערונג פון שול-קאָמיטעט

מיט אָט דעם ביכל הויבט די „פאָלק־שול אָרגאַניזאַציע פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד“ אָן אַרויסגעבן אַ ביבליאָטעק פון די אידישע קלאַסיקער, וואָס זאָל דינען פאַר די העכערע קלאַסן אין די פאָלק־שולן און פאַר כמעט אַלע קלאַסן אין די מיטל־שולן אַלס לייען־מאַטעריאַל פאַר אַן אַריינפיר אין און שטודיום פון דער אידישער ליטעראַטור.

אַ צווייטע אויפגאַבע ווילן מיר מיט דער ביבליאָטעק דערפילן, וועלכע איז אפשר וויכטיקער און פון גרעסערער באַדייטונג פון דער ערשטער: מיר ווילן מיט דער אויסגאַבע דערגענצן די דערציאונג, וואָס אונזערע שולן גיבן און מיט איר פאַריכטן אַ געוויסן חסרון, וואָס האָט גורם געווען, אַז דער ציל פון אונזערע שולן זאָל ניט אינגאַנצן דערגרייכט ווערן.

איינער פון די הויפט צילן פון אונזערע שולן איז, און דאַרף זיין, צובינדן דאָס קינד צום אידישן ספר, מאַכן אים פאַר אַ לייענער פון דער אידישער און העברייאישער ליטעראַטור. אין די אַלע יאָרן פון אונזער שול־טעטיקייט האָט זיך דאָס ווייט ניט איינגעגעבן. מיר שרייבן צו דעם פאַקט צו דעם, וואָס מיר האָבן ניט צוגעוואוינט אונזערע קינדער צו לייענען פאַר זיך, הויפטזעכלאַך איבער מאַנגל אין צוגענגלאַכן מאַטעריאַל. דער הויפט לייען־מאַטעריאַל פון דער אידישער ליטעראַטור אין די שולן איז נאָך אַלץ די כרעסטאָמאַטיע. די כרעסטאָמאַטיע איז אָבער אַ טעקסט־בוך, און כאָטש די קינדער לייענען מאַנכע זאַכן פון דער כרעסטאָמאַטיע אין דער היים, טוען זיי דאָס הויפטזעכלאַך אַלס צוגרייטונג צו דער שול־לעקציע און ניט כדי צו באַפרידיקן זייער נאַטירלאַכן דורשט צו לייענען. און ווען די תקופה פון דער כרעסטאָמאַטיע איז פאַרענדיקט, האָבן די קינדער נאָך ניט דערוואָרבן די געוואוינהייט צו לייענען אידיש ניט ווי א למוד, נאָר ווי אַן עסטעטישן גענוס, ווי אַ גייסטיקע באַפרידיקונג. אויך זיינען זייערע ידיעות אין אידיש און זייער באַקאַנטשאַפט מיטן אידישן לעבן, וואָס די ליטעראַטור שילדערט, צו באַשרענקט, זיי זאָלן קאָנען לייענען די אידשע קלאַסיקער מיט הנאה. דער פועל יוצא איז, אַז נאָך יאָרן פון אַרבעט צו דערציען אידישע

קינדער, וואָס איינער פון די סמנים פון זייער אידישקייט זאָל זיין אַ צוגעבונדנקייט צום געדרוקטן אידישן וואָרט, איז דער ציל ניט דערגרייכט.

אָט די ביבליאָטעק פון האַנטיקע, ניט צו־גרויסע, ביכלאַך, וועל־כע וועלן אַנטהאַלטן די אינטערעסאַנטסטע און כאַראַקטעריסטישסטע זאַכן פון יעדן פון די אידישע קלאַסיקער, געדרוקט אין קלאָרן שריפט, מיט דערקלערונגען און אַפּטײטשונגען פון ווערטער, אויסדרוקן און קולטור באַגריפן, וועלן, האָפן מיר, זיין אַ ווירקזאַמער מיטל אין די הענט פון לערער און עלטערן פאַר דעם צוועק פון צוגע־וואוינען דעם יונגן אידישן דור צו לייענען די אידישע ליטעראַטור, פאַרינטערעסירן אים און אויך מעגלאַך מאַכן, פאַר אים צו לייענען פאַר זיך אַלע שאַפער און שאַפונגען פון דער אידישער ליטעראטור מיט הנאה, מיט גייסטיקן געננוס.

די ביבליאָטעק וועט באַשטיין פון אַרום צוואַנציק ביכלאַך און אַרומנעמען אַלע באַדייטנדיקע אידישע שרייבער. די קומענדיקע צוויי־דריי ביכלאַך וועלן זיין אַן אַנטאָלאָגיע פון דער אידישער פּאָע־זיע אונטערן נאָמען „די אידישע פּאָעטן“, צוזאַמענגעשטעלט און דער־קלערט פון חבר י. ענטין.

מיר האָפן, אַז אונזערע שולן בפרט, די אַנדערע אידישע שולן און די אידישע עפנטלאַכקייט בכלל, וועלן טיילן אונזער מיינונג וועגן דעם נוצן פון דער ביבליאָטעק, וואָס מיר זוכן מיט איר צו ברענגען דער אידישער דערציאונג אין אַמעריקאַ.

צענטראַלער שול־קאָמיטעט,
פון דער
פאָלק־שול אָרג. פון א. נ. אַ. ס

# יהודה שטיינבערג

(וועגן זיין לעבן און שאפן).

יהודה שטיינבערג׳ס לעבן און שאפן דערקלערן און מאכן פארשטענדלאך איינס דאס אנדערע נאר צום טייל.

זיין לעבן דערקלערט דעם מקור פון די טעמען, פון דעם מאטעריאל, וועלכן שטיינבערג האט גענוצט פאר זיינע שאפונגן. זיינע נאטור-שילדערונגן, זיינע דערציילונגן פון חסידישן לעבן, זיינע קינדער-מעשיות זיינען א רעזולטאט פון זיין לעבן אין דער אומגעבונג פון דער שיינער בעסאראביער נאטור, פון זיין דערצויגן ווערן אין א חסידיש הויז, פון זיין אפגעבן זיך מיט לערעריי דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן.

דער טאן און סטיל פון זיין שרייבן אבער זיינען א קאנטראסט צו זיין לעבן. זיין טאן און סטיל זיינען ווייך, צארט, פול מיט ליבע און לייכטן הומאר, בעת זיין לעבן איז צום גרעסטן טייל געווען פונקט דער היפוך.

געבארן געווארן איז שטיינבערג אין יאר 1863 אין דעם קליינעם שטעטל ליפקאני אין בעסאראביע. זיין פאטער איז געווען א חסיד, א שטרענג פרומער מענטש, און אים, נאטירלאך, געגעבן א טראדיציאנעלע אידישע דערציאונג. אבער ניט שטענדיק איז שטיינבערג געווען אין חדר. צוזאמען מיטן חדר האט א גרויסן ארט אין זיין קינדהייט פארנומען דער טייך פרוט, לעבן וועלכן עס האט זיך געפונען זיינע עלטערנס הויז, און די שיינע בערג, וואס האבן זיך געפונען לעבן טייך.

דא,ביים טייך, וואס שניידט דורך די בעסאראבישע און רומענישע בערג, האט שטיינבערג דערצויגן זיינע אויערן צו פארנעמען די מוזיק פונם ריטמישן פליסן פון די כוואליעס און זיינע אויגן אויפצונעמען פיינע קאליר-שאטירונגן פון דעם וואסער און דעם הימל, וואס האט זיך געשפיגלט אין אים. נאכקוקנדיק דעם פלוס פון טייך, איז אין אים אויך געבארן גע-

וואָרן די בענקשאַפט נאָך דער ווייטער אומבאַקאַנטער וועלט, וואוהין די כוואַליעס טראָגן זיך אַוועק. און ווען ער האָט אין זיין בענקשאַפט אויפגעהויבן זיינע אויגן, האָט ער איינגעזאַפּט די פּראַכט פון די בערג, וואָס האָבן פאַרשטעלט פון אים אַ וועלט, וואָס האָט געדייצט מיט איר אומבאַקאַנטקייט.

אַט די שטימונג און בענקשאַפט האָבן אודאי אָפט שווער געמאַכט פאַר אים דאָס טרוקענע גמרא-לערנען, און ער האָט געזוכט צו שטילן זיין בענקשאַפט מיט די שיינקייטן פון דער אגדה און די חסידישע וואונדער-מעשיות.

דער חדר און תורה-לערנען, די בעסאַראַבישע נאַטור מיט אירע בערג, פעלדער און טייכן, דאָס פּאַטריאַרכאַלישע הויז און די רייכע אוצרות פון דער תלמוד׳ישער און חסידישער לע-גענדע זיינען געווען די קוואַלן, פון וועלכע שטיינבערג האָט גע-טרונקען, געוועבט זיינע יוגנט-חלומות און געשעפּט דעם מאַ-טעריאַל און די באַגייסטערונג פאַר זיינע שפּעטערדיקע ליטע-ראַרישע שאַפונגען.

שפּעטער האָט זיך פאַר שטיינבערגן געעפנט אויך אַן אַנ-דער רייכער קוואַל, דער קוואַל פון השכלה, פון פרייער וועלט-לאַכער בילדונג. כאָטש אין דער צייט פון זיין באַקאַנען זיך מיט דער השכלה איז ער שוין געווען אַ פאַרהייראַטער מאַן, איז ער אָבער פונדעסטוועגן נאָך געווען זייער יונג. און מיט דעם דורשט פון איינעם, וואָס האָט לאַנג געוואַנדערט אין אַ טרוקענער מדבר, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דעם השכלה-קוואַל און געטרונקען פון אים מיט זיין כאַראַקטערים-טישער התמדה. ער האָט דאַן אָנגעהויבן קוקן מיט די קריטי-שע השכלה-אויגן אויף זיין אייגן לעבן און דעם לעבן פון זיין סביבה. ער האָט אָבער אויסגעמיטן דעם געוויינלאַכן קאָנ-פליקט מיט זיין אַרומיקער חסידישער סביבה, דורך דעם וואָס ער האָט זיך דאַן באַזעצט אין אַ דאָרף און מיט דעם נדן, וואָס זיין ווייב האָט אים געבראַכט, האָט ער געעפנט אַ קראָם. דאָס האָט אים געגעבן אַ מעגלאַכקייט צו זיין זעלבסט-שטענדיק און לעבן לויט זיין באַגער.

לאנג, אָבער, איז ער קיין קרעמער ניט געבליבן. די קראָם האָט גאַנץ שנעל אויפגעגעסן דעם נדן, און שטיינבערג איז גע-וואָרן אוים קרעמער. נאָר די קורצע צייט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דאָרף, פירנדיק אַ רואיקן זעלבסטשטענדיקן לעבן אין אַ נאַטור-רייכער סביבה, האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף זיין אַנטוויקלונג. ער האָט דורך דער צייט מיט גרוים התמדה געלערנט מאַטעמאַטיק און נאַטור-וויסנשאַפט, און דאָס צוזאַמען מיט דעם רואיקן דאָרפס-לעבן האָבן אָנגע-הויבן וועקן דעם קינסטלער אין אים און רופן אים צו שאַ-פונג.

נאָך דעם דורכפאַל מיט דער קראָם האָט ער זיך אומגע-קערט אין זיין געבורטס-שטעטל אָרעם אין געלט, אָבער פול מיט נייע חלומות און רעגונגען. אַ דאַנק אָבער אָט דאָס נייע אין אים האָט ער זיך מער ניט געקאָנט צופּאַסן צו דעם פריערדיקן לעבן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער באַקאַנטער קאַמף, פון יענער צייט, צווישן פאָטער און זון. שטיינבערג האָט זיך נאָך זיין צוריקער קיין ליפּקאַני אָפּגעגעבן מיט לערעריי, איז דער פאָטער אַרומגעגאַנגען צווישן די עלטערן פון די תלמידים און זיי געוואָרנט ניט צו לאָזן זייערע קינדער דערצויגן ווערן פון אַ משכיל, אַן אפּיקורס. געוויס איז דער פאָטער מיט זיינע רדיפות אויסן געווען זיין קינד, דעם איידעלן יונגן מאַן, מחזיר למוטב זיין, אומקערן אים צו דעם חסידיש-פרומען לעבן. דער סוף אָבער איז געווען, אַז אין 1889 האָט שטיינבערג געמוזט פאַרלאָזן זיין געבורטס-שטאָט, ווערנדיק אַ לערער אין דעם שטעטל יעדיניץ, אויך אין בעסאַראַביע.

אומגעפער אין אָט דער צייט האָט ער אָנגעהויבן שרייבן און געקוקט אויף זיין ליטעראַרישער אַרבעט, ווי אויף אַן אויס-לייזער, וואָס וועט אים מיט דער צייט באַפרייען פון לערעריי און אַרויספירן אין דער גרויסער ברייטער וועלט, נאָך וועלכער ער האָט אַזוי געבענקט.

אָבער אַ לאַנגע צייט האָט ער געשריבן לידער און משלים אין אידיש און העברעאיש אַן דערפאָלג. מען האָט זיי אין

ערגעץ ניט געוואָלט דרוקן. נאָר איידער די אנטוישונג האָט באוויזן צו באפעסטיקן זיך און אונטערגראָבן זיינע שאפונגס-כחות, האָט דער פארלאג „תושיה“ אָנגענומען און ארויסגע-געבן זיין בוך „בעיר ויער“—„אין שטאָט און אין דאָרף“,—וואָס האָט מאָמענטאל געמאכט א געוואלטיקן איינדרוק. פּרץ, לעווינסקי און אנדערע אידישע און העברייאישע שרייבער האָבן אין זייערע קריטיקן דאָס ווערק אויפגענומען מיט בא-גייסטערונג.

אָט דער ערשטער דערפאָלג האָט אויפגעעפנט דעם פאר-האלטענעם שטראָם פון שטיינבערגס טאלאנט און כאָטש ער איז שוין דאַן געווען קראנק, האָט ער אָנגעהויבן שרייבן א סך און פון א פארשידנארטיקן כאראקטער.

א קורצע צייט נאָך דער דערשיינונג פון „בעיר ויער“ איז דערשינען זיין ערשט בוך קינדער-מעשיות אונטערן נאָמען „שיחות ילדים“—„קינדער שמועסן“.

אין יאָר 1897 ווערט שטיינבערג ארויסגערופן קיין ליאַווע אלס לערער. זיין מאטעריעלע לאגע ווערט דאָ פיל בעסער. ער געפינט מער פרייע צייט, און קראנקערהייט, ליידנדיק פון א מאָגנקראנקהייט, גיט ער אָפּ זייער פיל צייט און ענערגי זיין ליטעראַרישן שאפן. ער שרייבט און פארעפנטלאכט צענדליקער דערציילונגען, קינדער-מעשיות, לעגענדן און שפּע-טער אויך טעקסט-ביכער און כרעסטאָמאטיעס פאר דער העב-רייאישער שול. אָבער אָט די אלע ליטעראַרישע ארבעטן גיבן אים ניט די מאטעריעלע מעגלאכקייט אויפצוגעבן לערעריי און זיך אָפּגעבן בלויז מיט ליטעראַטור. זיין באגער און האָפנונג זיך ארויסצורייסן פון קליינעם שטעטל, וואו ער האָט פאר-בראַכט אלע יאָרן, און ווידמען זיך אינגאנצן דער ליטעראַטור, איז נישט פארווירקלאכט געוואָרן ביזן יאָר 1905, ווען ער איז געוואָרן דער קאָרעספּאָנדענט פון דער ניו יאָרקער „וואר-הייט“ און זיך באזעצט אין אדעס. זיין קראנקהייט איז שוין אָבער דאַן געווען שטארק אנטוויקלט און אין צוויי יאָר שפּע-טער, אין ווינטער פון יאָר 1907 (ז׳ אדר תרס״ח) איז ער

געשטאָרבן פון אַ קאַנסער איידער ער האָט דערגרייכט דעם עלטער פון פיר און פערציק יאָר.

אָט אַזוי האָט געלעבט און איז געשטאָרבן יהודה שטיינבערג, וועלכער האָט געהאָלפן שאַפן די נייע העברייאישע און די אידישע ליטעראַטור.

שטיינבערג האָט געשריבן אויף אונזערע ביידע שפּראַכן און האָט בייגעטראָגן עפּעס אייגנס צו יעדן פון די צוויי שטראָמען, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס דער אידישער שאַפונגס-גייסט.

העברייאיש איז געווען די שפּראַך, אין וועלכער שטיינבערג האָט אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישן שאַפן און זיין גרעסטן בייטראָג האָט ער געגעבן דער העברייאישער ליטעראַטור. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן, ווען די נייע העברייאישע ליטעראַטור איז נאָך געווען זייער יונג, מליצה׳דיק און משכליש-טענדענציעז. דער איינגערער דור העברייאישע דיכטער, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אין דער העברייאישער ליטעראַטור דעם נייעם, ריין-קינסטלערישן טאָן און שילדערונג פון אידישן לעבן אין אַ רעאַלער, לעבעדיקער שפּראַך, האָט דאַן ערשט אָנגעהויבן זיך באַווייזן. שטיינבערג איז געווען איינער פון זיי, זיכער דער חשוב׳סטער און אָנגעזעענסטער, און ביז היינט איז ער אין דער העברייאישער ליטעראַטור געבליבן דער קלאַסיקער פון דער קורצער דערציילונג. זיינע שאַפונגען אויף דעם געביט צייכענען זיך אויס מיט זייער קלאָרער, זאַפטיקער שפּראַך, מיט דעם צאַרטן לירישן סטיל און, וואָס איז אַם וויכטיקסטן, מיט זייער אינהאַלט און כאַראַקטער שילדערונג.

די הויפּט און כאַראַקטעריסטישסטע טעמע פון יהודה שטיינבערג׳ס דערציילונגען איז דאָס אידישע פאַמיליען-לעבן. אין די דאָזיקע שילדערונגען איז זיין אויג באַזונדערס אָפּן אויפצוכאַפּן די שיינע אידישע מדות: צניעות, תמימות, רחמנות. די נשמה יתירה, דאָס שענערע און בעסערע, דאָס יום-טובדיקע אין דעם מענטשן אינטערעסירט אים אַם שטאַרקסטן, דאָס באַמערקט ער אַם מייסטן.

זיינע דערציילונגען זיינען אָבער ניט קיין דרשות, ער פּרע-

דינגט ניט קיין מאָראַל. ניט דאָס איז אים וויכטיק. וויכטיק איז אים דער מענטש. יעדער העלד פון זיינע דערציילונגען איז אַ כאַראַקטער מיט בלוט און פלייש. אים אינטערעסירט אין מענטשן ניט בלויז זיינע מעשים און די אויסערלאַכע אור-זאַכן, נאָר אויך די אינערלאַכע, דאָס טיפערע, דאָס נשמה׳דיקע. ער פאַרזעט אויך ניט די שלעכטע זייטן פון מענטשן. ביידע ווערן איינס — דאָס לעבן, דער מענטש מיט זיינע מאָמענטן פון טהרה און מאָמענטן פון טומאה.

שטיינבערג האָט זיינע פאַרשווינן ליב. זייערע שוואַכע זייטן פאַרלאַכט ער ניט, נאָר איז זיך מצער איבער זיי. זיין צאַרט לירישער טאָן באַקומט אַ באַגלייט-מאָטיוו פון לייכטער, קלוגער סאַטירע, ווען ער שטויסט זיך אָן אויף התנהגותן פון זיינע העלדן, וואָס געפעלן אים ניט, ווען זייערע מעשים שטעלן אין שאָטן די שיינע מדות, וואָס ער זוכט און פאָדערט אין מענטשן.

די צווייטע טעמע אין זיין העברייאישן שאַפן איז — חסידות. זיינע חסידישע דערציילונגען זיינען קלאַסיש. צוזאַ-מען מיט פּרץ׳ן און בערדיטשעווסקין האָט ער פאַראייביגט דעם חסידיזם אין דער ליטעראַטור. ער אונטערשיידט זיך אָבער פון פּרץ׳ן און בערדיטשעווסקין מיט דעם, וואָס אים האָט מיט-געריסן ניט דער חסידיזם, נאָר דאָס חסידישע לעבן, דער חסיד. זיינע חסידישע העלדן זיינען ניט קיין אויסגעטראַכטע פּאַר-שוינען, וואָס ריידן חסידיש, וואָס דערציילן חסידישע מעשיות, נאָר מענטשן, וועמעס לעבן דריקט זיך אויס אין דער פאָרם און סביבה, וואָס דער חסידיזם האָט געשאַפן. אין שפּראַך, סטיל און כאַראַקטער-שילדערונג שטייען זיינע חסידישע מעשיות נאָך העכער פון זיינע אַנדערע דערציילונגען.

אייגנאַרטיק איז אויך שטיינבערגס שילדערונג פון דער נאַטור און דער אופן, ווי ער ברענגט זי אַריין אין אידישן לעבן. שטיינבערג האָט אין העברייאיש אַ בוך „בעיר וביער" („אין שטאָט און דאָרף") געווידמעט אויסשליסלאַך צו נאַטור-שילדערונגען. נאָר שטיינבערג האָט זיך ניט באַנוגנט מיט שיל-

דערן די נאַטור, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט. ער האָט אויך געזוכט אַרויסצוברענגען די באַציאונג צו דער נאַטור מצד זיינען פאַרשוינען. אַז ער געפינט אַזאַ באַציאונג ביי זיינע העלדן און שילדערט זי מיט ליבע. אמת, אָט די באַציאונג איז ניט דירעקט צו דער נאַטור. דאָס פרייט זיך דער איד ניט מיט פרילינג, נאָר מיט פסח, איז אומעטיק ניט איבערן אָנקומען פון הערבסט, נאָר וויל מיט די הושענות ענדיקן זיך די ימים טובים, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט אַ ביסל פרייד און הייליקייט אין לעבן. שטיינבערג ברענגט אָבער אַרויס די ווירקונג פון פרי־לינג און הערבסט אויפ'ן אידענס געמיט, צי ער ווייסט עס צי ניט.

אָבער דער גרעסטער פאַרדינסט שטיינבערג'ס אין דער העברייאישער ליטעראַטור זיינען זיינע קינדער־מעשיות. אויף דעם געביט פון קינדער ליטעראַטור איז ער געווען דער ערשטער און האָט נאָך ביז היינט, קנאַפּע צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט, צו זיך קיין גלייכן ניט.

אין דער אידישער, ווי אין דער העברייאישער ליטעראַטור, זיינען פאַר שטיינבערגן און נאָך אים געווען שרייבער, וואָס האָבן געשריבן וועגן און פון דעם לעבן פון אידישן קינד, אָבער שאַפן פאַר אידישע קינדער איז שטיינבערג געווען דער ער־שטער און אין באַדייטונג און פאַרנעם נאָך ביז איצט דער איינציקער.

זיינע קינדער־מעשיות צייכנען זיך אויס מיט דעם, וואָס זיי זיינען לויט די מאָטיוון—אַל־מענשלאַך, לויטן אינהאַלט— אידיש און אין פאָרם—לייכט און שפּאַנענדיק. דער פּראָדוקט פון אַ רייכער פאַנטאַזיע און אַ צאַרטער ליבע צו קינדער. די אַלע וויכטיקסטע יסודות פון גוטער קינדער־ליטעראַטור. דעריבער טאַקע זיינען זיינע קינדער־מעשיות היינט־צו־טאָג אַזוי ניי און פריש, שפּאַנענדיק אינטערעסאַנט, ווי מיט העכער צוואַנציק יאָר צוריק ווען זיי האָבן זיך אָנגעהויבן דרוקן אין „עולם קטן“.

פיר שיינע בענדלאַך פון אָט־די קינדער־מעשיות זיינען אַ טייל, אַ זייער רייכער און שיינער טייל, פון שטיינבערגס העב־

רייאישע שאפונגען, וואָס זיינען דערשינען אין יאָר תרע"ט אין פיר גרויסע און פיר קליינע בענד.

אין אידיש האָט שטיינבערג אָנגעהויבען שרייבען שפּעטער און אויך אין סך-הכל געשריבען ווייניקער. דאָך וואָלטען זיינע אידישע כתבים אָנגעפילט ארום דריי שיינע בענדער. אָבער אָט דאָס ביכל איז פּאָרלויפיק די ערשטע זאמלונג פון שטיינבערגס אָריגינעל אידישע שאפונגען. ס'זיינען ביז איצט דערשינען אין אידיש א היבש ביסל איבערזעצונגען פון שטיינבערגס העברייאישע כתבים, אָבער גאָר ניט פון זיין אָריגינעל-אידישען שאפן. ס'וועט אָבער זיין א טעות צו מיינען, אז דאָס איז דערפאר, וואָס די אידישע שאפונגען שטיינבערגס שטייען אויף א ניד-ריקערער מדרגה, פארדינען ניט צו פארנעמען אזא בכבוד'יקן אָרט אין דער אידישער ליטעראטור, ווי זיינע העברייאישע שאַ-פונגען פארנעמען אין דער העברייאישער. פון אָט דער קליינער זאמלונג אליין איז לייכט צו זען, אז זיינע אידישע שאפונגען צייכנען זיך אויס כמעט מיט אלע יענע אייגנשאפטן, וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן אלס די כאראקטעריסטיק פון שטיינבערג דעם העברייאישן דיכטער, מיט דעם איינציקן אונטערשיד, וואָס זיין אידיש איז ניט אזוי פאלירט און פארבן-רייך ווי זיין העב-רייאיש.

די אידישע, אזוי גוט ווי די העברייאישע שריפטן שטיינבערגס זיינען די פרוכט פון א גרויסן טאלאנט, וואָס האָט איינגעזאפּט אין זיך די שיינקייט פון דער נאטור, די רייכקייט פון דער אידישער קולטור, אידישע לומדות; פון א מענטש מיט א פיין אויג צו באָאָבאכטן און א טיפע, רייכע נשמה, אין וועלכער עס האָט זיך געלייטערט דאָס, וואָס דאָס אויג האָט אויפגענו-מען. און כאָטש דאָס לעבן, וואָס ער האָט געשילדערט, די טענ-דענצן, וועלכע ער האָט פארטראָטן—סיי וואָס איז שייך ליטע-ראַרישער פאָרם, סיי וועלט-אנשויאונג—זיינען שוין ווייט פון אונז, וועט זיין שאפן, אין אידיש ווי אין העברייאיש, דאָך לאנג געלייענט ווערן מיט הנאה און באגייסטערונג, איבער זייער אייגנאַרטיקייט, זייער קינסטלערישער עכטקייט.

**ש. שאפּירא.**

# דער גאלדענער

(א מעשה, האלב אמת, האלב אויסגעטראכט, וואס איז זיך פארלאפן אין א שטעטל אן א נאמען).

## א.
### צוויי ארעמע לייט



וויי ארעמע לייט זיינען פרייטיק צו נאכט געזעסן אויפ'ן מעריב-באנק, און האבן געווארט מען זאל ענדיקן דאס דאווענען, וועט מען מן הסתם רופן אויף שבת. איינער איז געגאנגען אויף שטאלצן, און ס'קען זיין, ער איז טאקע באמת געוועזן קרום אויף איין פוס; דער צווייטער האט געהאט א שראם איבער'ן פנים, איין אויג א ביסל גרעסער פונ'ם צווייטען; איין שפיץ בארד קירצער פון דער אנדערער; און רכילות'ניקעם צווישן

---

מעריב (מייריוו): די זייט, וואו די זון פארגייט. דאס חשוב'ע ארט אין שול איז די מזרח וואנט. ארעמע לייט זיצן אבער ביי דער מעריב וואנט.

רופן אויף שבת: נעמען אן אורח אויף שבת פלעגט גע־רעכנט ווערען פאר א גרויסער מצוה. יעדער איד, וואס האט נאר געקאנט, פלעגט וועלן האבן אן אורח אויף שבת. פרעמדע מענטשן פלעגן דאריבער קומען גלייך אין שול אריין און נאכ'ן דאווענען פלעגן שוין די בעלי בתים זיי איינלאדן צו זיך אויף שבת.

א שראם: א סימן פון א וואונד, א שנית.

רכילות'ניקעם: באריידער.

אָרעמע לייט האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אים געבליבן אַ זכר פֿונ׳ם ווייב. זי האָט אים אויסגעפּליקט איין זייט באָרד. און איידער זי איז געקומען צו דער אַנדערער זייט. איז זי דערוויייל געשטאָרבן. ביידע זיינען געזעסן ניט אָן גדלות, ווייל זיי האָבן געוואָרפֿן אַן אויג איבער דער קלויז, און האָבן געזען, אַז מער קיין אָרעמע לייט זיינען ניטאָ. מען וועט זיך היינט רייסן איבער זיי! צוויי אָרעמע לייט אויף אַ קלויז מיט בעלי־בתים! און עס ווערט דערווייל אַ קלעראַכטס צו וועמען זיי קענען אריינפֿאלן.

— איך וואָלט מיר געוואונשן אַנצוקומען צו אַן אָרע־מאַן, — זאָגט דער מיט׳ן שראָם איבער׳ן פּנים, — ווייל ביי אַן עושר, גאָט זאָל ניט שטראָפֿן פֿאַר די רייד, תיכף נאָך דער המוציא, כאַפּט מען אַראָפּ די קוילעטשן; די דינסט שניידט אָפּ שטיקלאַך קוילעטש אויף אַ טעצל. דער גאַנצער קוילעטש זייערער, מ׳שטיינס געזאָגט, איז אויפֿ־געבלאָזן! פּעדערן! ס׳האָט קיין זעט ניט; אַלע פֿון שטוב זיינען זאַט און גלויבן ניט, אַז עמעצער איז הונגעריק! כאָטש דו זעסט פֿאַר דיר אַלדעס גוטס, גייסטו אוועק הונגעריק; ביי אַן אָרעמאַן, וואָס דו עסט שוין דאָרט — מיט אַ פֿולן בויך גייסטו דו אַוועק.

— ביזט אַ אינגל, כאָטש דו האָסט שוין זוכה געווען אַ ווייב צו קבורה ברייננגן — שפּעט אויס אים דער קרומער.

---

בייזע צינגער: מענטשן, וואָס האָבן ליב יענעם צו באַ־ריידן, צו ריידן שלעכטס.

גדלות (גאַדלעס): שטאָלץ, גרויסהאַלטעריי.

המוציא (האַמויצע): דאָס ערשטע שטיקל ברויט אָדער חלה, איבער וועלכן מען מאַכט אַ ברכה. די ברכה איבער ברויט הייסט המוציא.

ער האָט באמת אויסגעוויזן ווי א אינגל קעגן קרומען: יענער איז געווען אַ הויכער ברייט-פּלייציקער, גערעדט פון'ם בויך אַרויס, און האָט אויסגעוויזן 50 יאָר אַלט; דער מיט'ן שראַם אָבער איז געווען אַ קליינס, אַ דאַרס, גערעדט אויף אַ ביי-קול און האָט אויסגעוויזן פינף-זעקס און דרייסיק יאָר אַלט.

— איך וואָלט וועלן אָנקומען צו אַן עושר! דאָס איז אַ פאָלק, וואָס ליידט אַ גאַנצע וואָך פון ליידיק-גיין — דער טאַפּט עס א פרעמדן מענטשן, האָט עס ליב אויסצופרעגן: „פון וואַנען? וואוהין? וואָס הערט זיך נייעס?" און נייעס — האָט עס ליב צו הערן פון אַלצדינג, נאָר ניט פון זיך.

— נו, איז וואָס?

— איז דאָס, אַז דו קאָנסט עסן און דערציילן, אַז זיי זאָלן אוועקלייגן די לעפל און האַלטן אָפן מויל און אויערן.

און גאָט האָט זיי ביידן דערהערט.

דער עולם — נאָכ'ן דאַוונען — געביטן זיך מיט'ן גוט-שבת — האָט מען זיך ארומגעקוקט איבער'ן גאַנצן מעריב: „נישטאָ קיין לייטעשער אורח — באַקלאָגט זיך יעדער אין געדאַנקען — אז ניט קיין ארץ-ישראל איד, צי אַ סאָלדאַט פון די „פּוימעניקעס", צי א נשרף פון בריסק.

---

פּוימעניקעס. געכאַפּטע. עס איז געווען אַמאָל אַז איינ-פיר אין רוסלאַנד צו כאַפּן קליינע אידישע קינדער און זיי אויפ-ציען אלס סאָלדאַטן. אַט די סאָלדאַטן רופט מען פּוימעניקעס.

אַ נשרף (ניסרעף): אַן אָפּגעברענטער. איינער, וואָס האָט געליטן פון א פייער. אַזאַ איינער פלעגט ארומוואַנדערן סלייבן שטיצע זיך צו קענען צוריק איינאָרדנען.

צי אַ גר צדק, צי אַן אייניקל — זאָל כאָטש זיין אזוי גלאַט אַ לייטעשער איד! ניין, ניטאָ!" ווער עס קוקט נאָר אָן דאָס פּאָרל אויף דער באַנק, מאַכט אָוועק מיט דער נאָז; „משטיינס געזאָגט, אויך מיר שבת׳דיקע אורחים!"

אין ברירה! וואָס זאָל מען טאָן? מען האָט פאַרנוצט די אורחים, ווי זיי זיינען שוין. דער קרומער איז אויסגע־פאַלן צו יאסל מאַנופעקטורשטשיק, אַ איד — אַן עושר דוקא, נאָר ער איז גראַד שלעפעריק געווען; געכאַפּט און אָפּגעגעסן, און ארויסגעלאָזט דעם אורח.

דער, מיט׳ן שראָם איבער׳ן פּנים, איז אָנגעקומען צו אַן אָרעמאַן — אַ נאַמן ביי דער טאַקסע. געהאַט זיך דוקא געגוג אָנצועסן, אפילו געשלאָפן דאָרט, נאָר ער האָט געליטן אַן אומגליק: צי פאַרלאָרן, צי מען האָט ארויס־גענומען פון דער קעשענע — אַ גאַנץ רובל מיט דרייסיק קאָפּיקעס! כמעט פון אַ גאַנצער וואָך צונויפגעקליבן. ער ווייסט אפילו ניט וועמען חושד צו זיין, ווייל עס וואוינט דאָרט אין שכנות אַ משרת פון אַ קלייט! „ווער ווייסט, ווער פון זיי האָט זיך גע׳סמ׳ט מיט׳ן „רובל דרייסיק?"

— ביזט ווערט איך זאָל דיר געבן מיט מיין שטאָליץ איבער׳ן קאָפּ! — מוסר׳ט אים אין דער פרי דער קרו־מער — שלימזל איינער! אַנדערע נעמען עפּעס צו פונ׳ם טיש, וואו זיי עסן, און ער לאָזט נאָך איבער! און מיינסט עס אַרט מיך אזוי שטאַרק דיינס?! כאַפּט דיך אַ רוח, אַ

---

גר צדק (גער צעדעק): אַ גוי, וואָס האָט אָנגענומען דעם אידישן גלויבן אוים איבערצייגונג.

אַן אייניקל: איינער, וואָס שטאַמט אָפּ פון באַקאַנטע רביים.

אַ נאַמן (נעמאַן): אַ באַגלויבטער. אַ קאַסירער.

שטאָליץ: קוליע.

צרה, אַ כאָלעריע! פשוט, מיך ארט, פארוואָס זאָלן זיי זיך ווארגן דערמיט? בעסער שוין — אין וואסער פאר־לירן!

שבת אינדערפרי צו דער סעודה, איז יאָסל מאַנופעק־טורשטשיק אויסגערוט, אויסגעשלאָפן פון אַ לאַנגער ווינטער־נאַכט. דאָס איז געווען אַ איד אַן עושר, גע־האַט אַ גרויסע קלייט, אָדער פּינקטלאכער גערעדט, זיין ווייב האָט געהאַט אַ גרויסע קלייט. אין דער קלייט קאָן מען אריין נאַקעט און ארויסגיין אָנגעטאָן פון קאָפּ ביז די פּיס. איין חסרון נאָר, וואָס מען דאַרף דערפאר געלט צאָלן. ער האָט אפילו אין דער וואָכן ליב אַן אורח, ווייל פון דעם „פאָלק" הערט מען זיך אָן מעשיות פון דער גרוי־סער וועלט, פון יענער וועלט, וועלכע ער האָט נאָך אין זיין לעבן ניט געזען, אויסער וואָס איין מאָל אין חלום. זייט ער לעבט, איז ער נאָך פון'ם שטעטל ניט ארויסגעפאָרן; אַפילו נאָך סחורה פאָרט „זי". אין דער וואָכן, אַז ס'איז קיין פּדיון ניטאָ, ליגט ער איבער ביי די שכנים־קלייטניקעס אויף די לאָדן; פארשלעפּט זיי אַמאָל צו זיך, הערט פון זיי מעשיות; אַז ניט — דערציילט ער זיי; קיין מאַנגל אין מעשיות ליידט ער ניט: אַז עס לאָזן זיך אוים די, וואָס ער האָט געהערט — טראכט ער אוים נייע; און אוים־געטראַכטס, דאַרף ער נאָר איינמאָל דערציילן — ווייזט זיך אים שוין ביים צווייטן מאָל אוים, אַז עס איז ניט קיין אויסגעטראַכטס... ער האָט עס אויף זיכער ערגעץ געהערט. דאָס איז געווען אַ שוואכקייט פון'ם גאנצן שטעטל כמעט: צו הערן וואונדערלאכע מעשיות; נאָר ביי אים האָט עס געגרייכט צו אַ קראַנקהייט, אַ ספּאַזמע. דאָס ווייב, פריי־

פּדיון: לייזונג. איינגאמע פון מסחר.

דיטשקע (דער „חצי־זכר“ פלעגט מען זי רופן) — פלעגט אפילו פיינט האָבן זיינע „פּוסטע מעשׂיות, אויף וואָס די וועלט שטייט“; נאָר אַז די מעשׂה פלעגט שמועסן פון גרויסע געלטן, פון א גרויסן געווינס, אָדער אַן אומגעריכטער ירושה — פלעגט זי ווילד הנאה האָבן. זי פלעגט אויף כלומר׳שט זיך זעצן ביים קעסטעלע ציילן דעם פּדיון, נאָר מיט׳ן אויער — געצויגן אַהין, אויפ׳ן לאָדן, וואו עס פליען „טויזנטערס“, ווי פעדערן! און אַז עס פלעגט דערגרייכן צו גאָר גרויסע ציפערן, וואו זי האָט שוין קיין באַגריף, קיין השגה ניט — פלעגט זי זיך פאַרטראַכטן, און פילן דעם טעם, וואָס א מענטש פילט, ווען ער הויבט אָן אויפן גלעגער איינצודרעמלען, און פילט, אַז ער הערט אויף צו פילן זיך.

שבת נאָכ׳ן דאַווענען, ביי דער סעודה, האָט זיך יאָסל גענומען צום אורח.

— פון וואַנען קומט אַ איד?

— עט, פון וואַנען קומט ניט אַ איד? פון דער וועלט!

— וואָס הערט זיך עפּעס נייעס אויף דער וועלט?

— וואָס קען זיך הערן? מלחמות רק!

— אזוי!... ווער מיט וועמען? וואו?

— איטלאכער מיט איטלאכן! אומעטום... אמעריקא מיט קיטאַי, מיט ענגל! ... קיין ביקסן שוין ניט געדאכט! מען שיסט גאנצע בערג און אינזלען!

— אזוי! נו, און אידן? מכּח פּרנסה?

— אידן — אודאי, אויף דער וועלט איז דאָ אי אזוי, אי אזוי.

— עפּעס דאָ גבירים? גרויסע, גאָר גרויסע גבירים

ענגל: ענגלאַנד. קיטאַי: כינע.

אויף דער וועלט?

— אויב עס איז דאָ? — פרעגט איר! פון ר׳ „אַנטשל דעם גאָלדענעם״ האָט איר מסתמא געהערט!

— וואָס פאַר אַ ר׳ אַנטשל?—פרעגט יאָסל, און לעגט אַוועק דעם לעפל. פריידע שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ מיט איין האַנט, קראַצט מיט איין עק לעפל אונטער׳ן אויער און שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן אויפ׳ן אורח.

— ניט געהערט גאָר?! — פאַרוואונדערט זיך דער אורח, און ציילט געדיכטער די לעפל אין מויל אַריין — טאַקע באמת ניט געהערט?!

— אסור חזיר! איך זאָג — ניין, הייסט עס — ניין!

דער אורח האָט זיי אָנגעקוקט פאַרוואונדערט; עס האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער קאָן עס ניט גלויבן... ער האָט זיך אָנגעהויבן צו איילן מיט די לעפל, גלייך ער דאַרף משלים זיין צו אַ מספּר, און ענדלאַך האָט ער זיך אָפּגעווישט די וואָנצעס און גענומען דערציילן:

ר׳ „אַנטשל דער גאָלדענער״ איז אַ איד אַ גוואַלטיקער מיליאָנער! זיינע פערד שטייען אין אַ גאָלדענער שטאַל און טאַקע אָט איבער דער שטאַל רופט מען אים „דער גאָלדענער״. ער אליין זיצט אין אַ בורשטינענע הויף! קיין לאָמפּן איז ביי אים ניט איינגעפירט: ס׳הענגט אין מיטן שטוב אַ מין דימענט, איז פון אים שוין גענוג ליכטיק. נאָך וואָס זשע זאָל אין אמת׳ן אומזיסט אויסברענען קע־

---

אסור חזיר: פאַרבאָטן ווי חזיר. אַן אופן פון שווערן זיך. פאַרזיכערן אָדער אָפּלייקענען עפּעס.

משלים (מאַשלים) זיין: דערענדיקן. דערגענצן.

מספּר (מיספּער): אַ צאָל.

ראָסין אלע נאַכט? ס'דאַך אַן אמת'ער בל תשחית!

יאָסל מיט פריידן ציען קוים דעם אָטעם פון פאַרוואונדערונג.

— נאָר דאָס איז נאָך גאָר ניט: אַ בעל צדקה איז דאָס — אין לשער! איך האָב ניט לאַנג געגעסן ביי אים שבת. . . מיני פיש! מיני צימעסן!. . . אַך, ס'ברעכט מוחות! און אַז איך האָב אָפּגעגעסן, האָב איך געמוזט מיטנעמען דעם גאָלדענעם לעפל, וואָס איך האָב געגעסן מיט אים. . . „סטייטש, וואָס רעדט איר, — טענה איך,— „ר' אַנטשל! איר זאָלט מיר געזונט זיין! ס'האָט דאָך אַ פּנים ווי גע'גנב'עט!"

— עט, — זאָגט ער, — אַזוי איז ביי מיר דער מנהג: „אַן אורח, אַז ער עסט ביי מיר, מוז ער דעם לעפל מיטנעמען!" איך האָב אים פאַרקויפט, און חתונה געמאַכט אַ מיידל!

„איי, איי, איי!" — שטעלט יאָסל אויף מויל און אויערן.

— דאָס איז נאָך ניט אין גאַנצן — דערציילט דער קרומער, — אָט הערט ווייטער: ר' אַנטשל דער גאָלדענער טוט אַזוי פיל חסדים אַזוי פיל צדקות, ניט נאָר מיט אידן, נאָר אפילו מיט „עם־רב" — אַז ער איז באַשטעקט און באהאנגען מיט אַזוי פיל מעדאַלן, מיט אָרדערס, אַז ער האָט שוין ניט מער וואו אויפצוהענגען!. . . ממש — זיי

---

בל תשחית (באַל טאַשכעס): דו זאָלסט ניט פאַרדאַרבן, איבערפירן עפּעס. פאַרשווענדן איז ביי אידן אַן עבירה. ווער עס טוט עס, איז עובר אויף דעם געבאָט פון בל־תשחית.

אין לשער (איין לשאַער): גאָר ניט אָפּצושאַצן, גאָר ניט פאַרצושטעלן זיך.

בייגן אים צו דער ערד — אָט די מעדאלן !. . . און דער־פאר טאַקע האָט ער אויפגעהערט מיט נדבות, כדי ער זאָל חס ושלום ווידער קיין מעדאל ניט באַקומען ! ער האָט אומיסטן אָפּגעלאָזט די הינט פון די קייטן, כדי עס זאָל שוין קיין אָרעמאַן ניט אריינקומען. . . ס׳אַ מענטש אָבער, וואָס קאָן פּאָרט ניט לעבן אָן חסדים, אָן מעשים טובים, און דאָ האָט דאָס ווייב, לא עלינו, זיך געפּעלט ; קינדער זיינען ניט געבליבן—איז ער געפאַלן אויף אַן המצאה: אָנ־געטאָן זיך אין שמאַטעס, און געלאָזט זיך אויף דער וועלט. ער גייט אין די הייזער. זעט ער אַן אומגליקלאַכן, שענקט ער א זשמעניע געלט און ווערט פארשוואונדן ; רופט אים, א שטייגער, אַן אָרעמאַן אויף א וועטשערע, פארלירט ער דאָרט אויף כלומר׳שט א בייטעלע געלט ; גיט מען עס אים אָפּ, — לייקנט ער, ס׳ניט מיינס ! אלא מאַכט מען א שווייג, ווערט ביי אים פארצייכנט : דער אָרעמאַן, הייסט עס, איז א גנב ; אלא מאַי רופט אים אַן עושר און גיט אים אַ גוטע וועטשערע, שרייבט ער אַהיים זיינע קאָנטאָרן, אַז דעם און דעם זאָל מען מאַכן אַ גרויסן קרעדיט. און אזוי איז ער פול אומעטום, און קיינער ווייסט ניט !

— אוי־אַ ! ערשטוינען מאַן און ווייב ; וואָס אויף א וועלט פארלויפט זיך ! יאָסל האָט זיך פארטראַכט : — זאָגט זשע נאַר — כאַפּט ער זיך אויף ווי פונ׳ם שלאָף ;

---

לא עלינו (לוי אַליינו): נישט אויף אונז געזאָגט. ניט דאָ געדאַכט.

המצאה (האַמצאַע) : איינפאַל.

זשמעניע : א הויפן. א פולע האַנט.

אלא מאַי (עלע מאַי) : אי וואָס. נאַר וואָס־זשע דען ? עס טרעפט זיך.

קאָנטאָר : אָפּיס.

איך זאָלט מיר געזונט זיין, איך האָט דאָך געגעסן שבת ביי אים, קאָנט איך ניט זאָגן עפּעס א סמן אין אים? ווי א זאַך מאַכט זיך. . . מען קען וויסן?. . . אפשר קומט ער צו אונז?

— ער האָט אַ שראַם איבער׳ן פּנים — פאַלט דעם קרומען איין פּלוצלונג צו זאָגן.

אַ גאַנצן שבת האָט יאָסל געהאַלטן אין איין ריידן פון ר׳ „אַנטשל דעם גאָלדענעם!״ און זונטיק אין דער פרי האָט ער עס דערציילט ביי זיך פאַר׳ן לאָדן צווישן שכנים און זיינע משרתים. אודאי האָט ער עס שענער און פּינקטלאכער פון דעם קרומען אורח דערציילט: ער האָט געזאָגט פּינקטלאַך, וויפיל שיפן ער פאַרמאָגט אויפ׳ן ים, וויפיל קיסרים עס זיינען אים שול-דיק געלט, וויפיל טויזנטער דער קוטשער נעמט ביי אים און נאָך אַ סך, וואָס דער קרומער האָט אויסגעלאָזן. דעם סימן אויפ׳ן פּנים אָבער האָט ער קיינעם ניט איבער-געגעבן, נאָר — זיינע משרתים; „ווי א זאַך מאַכט זיך. . . זאָלן זיי וויסן. זיי זיינען דאָך אין קלייט מער פון מיר!״

---

ב.

## א טרויעריקער שבת און א פריילאכער זונטיק

יענער צווייטער אָרעמאַן האָט פאַרבראַכט א טרויע-ריקן שבת. דערפאַר איז דער „זונטיק אין דער פרי״ נאָך טרויעריקער געווען: דער פראָסט איז גרוים, דער שניי איז טיף; ער איז כמעט באָרוועס, די קאַפּאָטע איז לעכערדיק; דער ווינט בלאָזט א צוג-לופט דורכ׳ן האַלז און די אויס-געריבענע עלנבויגן און ער גייט אַזוי איבער דער שטאָט

אפמאכן כאַטש צוריק דאָס פארלוירענע „רובל־דרייסיק".

איינגעצויגן, איינגעקאָרטשעט, געטריבן פון ווינט און שניי—איז ער פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי א גרויסער קלייט, וואו ער האָט זיך, ניט ווילנדיק, אָפּגעשטעלט: עס הענגען דאָרט טולופּעס (פעלצן) בערענע, וועלפענע, פיזעם, ביבער!

— אָך, דאַרף עס גוט זיין איינצואוויקלען זיך אין אַזעלכע ווייכעטשקע געדיכטע האָר!... ענג־ענג ארום־נעמען זיך!... אריינלייגן די הענט אין די ארבל!... טעם גן־עדן! כאַטש אויף אַ שעה... כאַטש אויף א פערטל שעה!... כאַטש פינף מינוט!...

עס פאַלט אים איין א געדאנק: „דאָס איז ־אָך צו פארקויפן! איך קאָן אריינגיין אַנמעסטן אַ טולופּ... גלייכן זיך... דינגען זיך, און ניט אויסגלייכן זיך... דער־ווייל וועל איך זיך אַביסל דערוואַרעמען! ווער קאָן וויסן, צי דאַרף איך באמת קויפן צי ניין! דאַרפן — דאַרף איך אודאי! וואָס דען? אן אַנגעטאָנענער דאַרף אַ טולופּ? אַי, געלט? סיי ווי זאָגן די גבירים, אַז די אָרעמע לייט האָבן פאַרבאָרגענע קניפּלאך!"

דער פּלאַן געפעלט אים, און ער גייט אריין; הייסט זיך דערלאנגען עפּס א גוטן טולופּ.

משרתים ווינקען זיך איבער; קוים וואָס זיי האלטן זיך איין פון לאַכן. מען הויבט זיך אָן ארייַנלאָזן אין קלייט־ווערטלאך, זאָגן חכמות: א וואָס פאַר א טולופּ וויל כבודו? פון וואָס פאַר א פּרייז מיינט מעלתו? טייל פאַר־

---

מעלתו (מאַלאָסוי): זייַן הויכקייט. א טיטל פאַר גאָר חשוב'ע מענטשן.

שמעלצן מיט א ביסל דייטש: „האָט איר מינצע?“

נאָר „איצל דער קומי“ איז פאַרהילצערט געבליבן. ער לויפט צו צום בעל־הבית, און רוימט אים איין אין אויער: „קוקט נאָר אָן דעם אָרעמאַן! איר זעט זיין שראם?“

— נו, איז וואָס? שוטה! — ענטפערט אים יענער, ניט ווייניק פאראינטערעסירט. — אַ שראם צו אַ שראָם איז ניט גלייך!

— טאָקע ווייל אַ שראָם צו אַ שראָם איז ניט גלייך, זאָג איך אייך דאָס, — ענטפערט יענער. — דער אָרעמאַן האָט געגעסן שבת ביי מיין שכן, און האָט פאַר־לוירן אַ בייטעלע געלט!

יאָסל האָט זיך אויפגעכאַפּט פונ׳ם אָרט, און האָט זיך גענומען באַטראַכטן דעם אָרעמאַן: — נו, האָסטו עס אפשר געפונען? האָסט עס אָפּגעגעבן?

— אָפּגעגעבן?! ניין!

— הולטאַי! — בייזערט זיך יאָסל שטילערהייט.

— וואָס רעדט איר, ר׳ יאָסל! איך וואָלט עס דען געוועזן צוגענומען? איך ווייס ניט, וואָס הייסט אַ פרעמ־דער גראָשן? נאָר פשוט: ראשית, האָב איך איבערגע־קלערט, פון וואַנען איז געדרונגען, אז ס׳איז זיינס? איין „רובל דרייסיק“ איז דאָ אויף דער וועלט?! שנית, האָט מיך טאָקע אַ פאַרדראָס גענומען, ווי טראָגט עס אַ איד געלט באַ זיך אום שבת?

— נו, פאַרפאַלן! מאַך אַ שוויג! זאָל ער טראַכטן אויף יענעם! גיי גיב אים אַ גוטן טולופ, און זאָג אַ פרייז!... פאַרשטייסט? עס איז קיין שום ספק ניט!

ער איז עס!...

משרתים הויבן אָן דערלאַנגען טולופּעס. דער אָרעמאַן מעסט אָן איינעם, וויקלט זיך אין אים איין, עס גלוסט אים שוין ניט אויסצוטאָן. ער פרעגט אויף דעם א מקח: יאָסל טראָגט אים צו אַ בענקל: „מיט דעם מקח וועלן מיר זיך שוין אויסגלייכן, נאָר זייט אַזוי גוט: איך דאַרף פּדיון פֿאַרשרייבן... יעדן מיט׳ן נאָמען... ווי הייסט מעלתו?

— אַנטשל הײַם איך, נאָר...

אַ שווידער איז יאָסלען איבערגעלאָפֿן איבערן לייב: „דאָס איז זיכער ער; אַ כשר׳ע מציאה אין שטוב אַרײַן!" ער קאָן זיך קיין אָרט ניט געפֿינען.

עס פֿאַלט אים אײַן א געדאַנק: איר וואָלט אפשר דאָ בײַ אונז עפּעס איבערײַבסן? פרעגט ער דעם אָרעמאַן מיט דרך־ארץ.

— אַך, פֿאַרוואָס ניט? — ענטפֿערט יענער פֿריילאַ־כער, — אַבי איר וועט נאָר געבן! געדאַוונט האָב איך שוין!

אויף יאָסעל׳ס וואונק האָט מען אַרײַנגעכאַפּט אַ פֿור־דעלע סערדעלן, א לימינע מיט אַ פֿרישע בולקע. ער האָט אים אַרײַנגעפֿירט אין זאַל אַרײַן. פֿריידע איז אָקאָרשט ניט צעזעצט געוואָרן: אָנגעטראָגן שנײַ אויף די „געוועקסעלטע פּאָלן!" נאָר זי האָט געהאַלטן פּיסק! זי ווייסט אויך ווען צו שווייגן.

דער אָרעמאַן האָט זיך גאָר מחיה געווען; אַ טײַערער איבערבײַסן דאָס איז! איין חסרון... נאָר, וואָס די לי־

מקח (מעקאַד): פּרייז.

פּאָל: דיל. געוועקסעלטע פּאָלן זיינען הילצערנע דילן, פּאָלירט מיט וואַקס.

מענע !. . . זויערם מאַכט אַפּעטיט. . . און די בולקע איז א ווייסע, א פרישע. . . האָט גאָר קיין זעט ניט !. . .

— וועט איר אפשר קויפן ביי מיר נאָך מלבושים ? וואָס איז — נאָר אַ טולופּ ?

— איך האָב אָבער קיין געלט ניט !

— נישקשה, אייערם א קוויטל איז גענוג. . .

אנטשל, דער קבצן, איז אין פינף מינוט איבערגעטאָן, אויסגעקליידט געוואָרן — גלייך אויף דאָס ניי איבערגע־נייט ! ער האָט זיך דערזען אין שפּיגל, האָט ער געוואָלט דאָס היטל אַראָפּכאַפּן, נאָר ער האָט, נעבאַך, לאַנג געזוכט דעם דאַשעק און האָט אים ניט געטראָפן אויף זיין אָרט. ער האָט פארגעסן, אז מען האָט אים אָנגעטאָן א ביבער מיצל אויפ׳ן קאָפּ.

די זאַך, פארשטייט זיך, האָט מען דערווייל געהאַלטן בסוד סודות : אַזא זאַך איז גלייכער, וואָס ווייניקער די שטאָט וועט וויסן דערפון, נאָר די משרתים און די פיר וועגנט האָבן געוואוסט. נאָר, אַפּנים, אָט די פיר וועגנט האָבן ניט געהאַלטן קיין צונג, און באַלד איז דאָס גאַנצע שטעטל געשטאַנען אַרום יאָסעל׳ס קלייט, געוואַרט, גע־צויגן זיך אויף די שפּיץ נעגל, כאַטש אַ קוק כאַפּן אויף דעם וואונדערלאכן ר׳ „אַנטשל דעם גאָלדענעם“, וועלכער פּאָרט ארום אויף דער וועלט פארשטעלט אין אָרעמע קליידער, נאָר וועלכן די קעלט מיט דער נעץ האָבן גע־צוואונגן ער זאָל זיך אויסגעבן פאר יאָסעלע׳ן.

— נישקשה, — האָבן קרעמערס געזאָגט ניט אָן קנאה, — ער וועט אָפּלעקן אביינדל, יאָסל אונזערער !

— ס׳וואָלט כדאי געווען, — זאָגט אַ קרעמער, אַריינצושיקן אַ פּאַסקוויל אים אַליין אין דער יד אַריין! — זאָל ער וויסן, אַז יאָסל שאַכריי האָט אים „איבערגעזעצט“.

נאָר יאָסל איז ניט קיין פּתי: דערזען אַזאַ עולם אין דרויסן, האָט ער אָפּגעזוכט פון זיינעטוועגן אַ סטאַנציע ביי זיינעם אַ שוואָגער, וואו ער איז געווען זיכער, אַז מען וועט זיינע שונאים ניט צולאָזן. ער האָט מורא געהאַט אים תיכף אַריבערפירן, נאָר דער אָרעמאַן האָט דערזען אַזאַ עולם, האָט ער זיך אַביסל דערשראָקן:

— וואָס קוקן זיי עס אַזוי אויף מיר? — פרעגט ער.

— זייט רוהיג, ר׳ אַנטשל — טרייסט אים דער בעל־הבית. — איר האָט אודאי אָן איבערטראַכט פאַר מעדאַלן מיט אָרדנס?

— יאָ, יאָ... אפילו פאַר גלאַט אַ רויטן קאָלנער!...

— רואיק, רואיק, ר׳ אַנטשל, — שלאָגט אים יענער איבער. — ביי אונז איז אַ פּראָסט אידיש שטעטל! נישט קיין אײַנפיר „מעדאַלן מיט אָרדנס“...

— אַזוי? זייער גוט!

— איך וועל אייך אַריינפירן דאָ צו מיינעם אַ שוואָגער... זייער אַ גוטע סטאַנציע. איר וועט זיך דאָרט אויסרוען... וואָס טויג די פאַרשטעלטע שפּיל?... איר זאָלט מיר קיין פאַראיבל ניט האָבן, וואָס איך מיש זיך

פּאַסקוויל: אַ בריוו, וואָס רעדט אָן אויף עמעצן.
שאַכריי: שווינדלער.
איבערגעזעצט: גענומען אַ צו הויכן פּרייז.
פּתי (פּעסי): נאַר.
אַ רויטער קאָלנער: אַ פּאָליציאַנט.

אריין אין אייערע סודות... איר זעט דאָך, מיר ווייסן שוין אין גאַנצן... עס איז גלאַט ניט פאַר אייער כח... מ׳שטיינס געזאָגט, דאָס גיין אין די הייזער און וואַלגערן זיך ביי פרעמדע טישן, אויף פרעמדע געלעגערס! מען קאָן צווישן אחינו בני ישראל פשוט... אָפן „טאָן" די גרעסטע זאַכן און אפילו אַ דאַנק ניט הערן!...

— ווער מען דאָרט געבן עסן? — פרעגט ר׳ אנטשל אביסל פאַרזאָרגט.

— כיד המלך! וואָס אייער האַרץ וועט נאָר גלוסטן!

— נו, קומט זשע!

יאָסל האָט אַריבערגעפירט דעם גאַסט צום שוואָגער, וואו מען האָט אים איבערגעגעבן די בעסטע צימערן, און געשטעלט אַ שומר ביי דער טיר, ניט אַריינצולאָזן קיי־נעם „אָן דעם אורח׳ס דערלויבעניש!" און אויפ׳ן אויער איז אָנגעזאָגט געוואָרן — „ניט צוצולאָזן קיין שום „מאַנו־פאַקטורשטשיק".

---

ג.

## מען טראָגט נדבות אהיים

ליגנדיק נאָך אַ זאַטע וועטשערע אין אַ וואַרעמען צימער אויף ווייכן בעטצייג, האָט זיך דער קבצן איינגע־טראַכט אין געדאַנקן און האָט געפונען, אַז, ראשית, איז דער קרעמער, ר׳ יאָסל אַ וואוילער איד, אַ מכניס־אורח,

כיד המלך: אויף אַ קעניגלאַכן אופן. מיט דער פולער מאָס.
אַ מכניס אורח (מאַכנים אוירעאַד): איינער וואָס נעמט אויף אורחים, געסט, פאַרבייגייער.

און דאַרף זיין אַ בעל-שפע אין קלייט, וואָרים אַז ער גע־טרויט יעדן אָרעמאַן אפילו; און גיט נאָך צו אַזאַ איבער־בייסן צום פּדיון, דאַרף איטלאַכער זיך רייסן צו אים אין קלייט אַריין. שנית, איז דער בעל הבית פון דאַנען ממש אַ צדיק! וואָס פאַר אַ מיני מאכלים מען גיט דאָ אָרעמע לייט! מען קאָן זיך, אפנים, ביי׳ן עושר אויך אַמאָל אָנעסן אויף זאַט!

און ער האָט ווידער געפונען, אַז אַ וואַרעמער טולופ מיט נייע מלבושים — אַבי גאַנצע, אָן לעכער — איז אַ גרויסער תענוג פאַר מענטשן, און פאַר אַן אָרעמאַן איז עס נאָך נויטיקער ווי פאַר אַן עושר; ווייל אַן אָרעמאַן גע־פינט זיך, נעבאַך, שטענדיק אונטער׳ן הימל, אויף אַלע רעגנס, אַלע שנייען, אַלע ווינטן, די קעלט האָט אויף אים מער שליטה.

און ער האָט ווידער געטראַכט, אַז דער ר׳ יאָסל איז אַ קלוגער איד, אַ חכם-עתיק. ער ראָט אים, ער זאָל שוין דאָ אין שטעטל בלייבן אויף תמיד. . . זייער אַ גלייכער איינפאַל! וואָס טויג אים אַן אַנדערע שטאָט? איז דען דאָ ערגעץ נאָך אַזוינע מכניסי אורחים, ווי דאָ?!. . .

איין זאַך נאָר האָט אים איבערגעשלאָגן: ער האָט דאָס „רובל-דרייסיק" נאָך ניט אָפּגעמאַכט און אצינד, אַנ־געטאָן אין אַזאַ טולופּ, אין אַזוינע שטיוול מיט קאַלאָשן, וועט אים שווער זיין אָפּצומאַכן דעם שאָדן: קיינער וועט

---

א בעל שפע (באַל שעפאַ): איינער וועמען ס׳גייט גוט אין געשעפט.

תענוג (טיינעק): פאַרגעניגן.

חכם עתיק: אַ חכם פון די אַמאָליקע חכמים. אַ גרויסער חכם.

אים קיין נדבה ניט געבן, גיכער וועלן אַנדערע אָרעמע לייט ביי אים נדבות מאָנען. . . מיט דער זאָרג איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן. . .

אין שטעטל אָבער האָט מען דערציילט וואונדערלאַ־כע זאַכן פון ר׳ „אַנטשל דעם גאָלדענעם". איינער האָט דערציילט, אַז ער ווייס אַזוי זיכער, ווי ער קאָן זיינע צען פינגער, אַז ביי ר׳ אַנטשלען אין דער היים, ווען אַן אָרעמאַן לייגט ביי אים איין דעם נדן פון זיינע קינדער, שטייט ער שוין אויס אַלע חתונה הוצאות, חוץ וואָס ער גיט אַ גרויסע דרשה געשאַנק.

אָרעמע לייט האָבן אָנגעהויבן שדוכים טאָן און גע־טראָגן דעם נדן צו „ר׳ אַנטשלען"; אויך אַ סך גבירים האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצורכענען, אַז ביי אַ פּינקטלאַכן חשבון קענען זיי אויך הייסן אָרעמע לייט... און מענן אויך נהנה זיין פון "ר׳ אַנטשלען", און האָבן אויך אָנגע־הויבן צו טראָגן זייערע גרויסע נדנ׳ס צו ר׳ אַנטשלען.

ר׳ אַנטשל האָט זיך גאָר מחיה געווען. איין חסרון נאָר, וואָס דאַכט זיך, לויט זייערע האַלבע ווערטער, וואָס זיי האָבן דאָ גערעדט, ווייזט אויס, אַז זיי וועלן אַמאָל קומען אָפּנעמען די געלטער. . . „אַז ווידער אָפּנעמען, נאָך וואָס זשע גיבן זיי מיר?" צוריק־צו־וועגס גערעדט, האָט ער זיך געטרייסט, וועלן זיי דען קומען מיט אַמאָל אַלע אין איין טאָג צוריק אָפּנעמען? עס וועט פאָרט עפּעס ביי

---

נדן (נאַדן): אַ סומע געלט וואָס דער כלה׳ס פאָטער גיט דעם חתן.

דרשה (דראָשע) געשאַנק: אַ חתונה מתנה. אַמאָל איז גע־ווען אַ מנהג דער חתן זאָל האַלטן אַ דרשה פאַר דער חופה און דעריבער האָט מען די מתנות, וואָס מען האָט געגעבן די חתן־כלה גערופן דרשה געשאַנק.

נהנה (נֶענע) זיין: געניסן. הנאה האָבן.

מיר אויך בלייבן, און אפשר וועט אלע מאָל צוקומען נייע...

אים איז איינגעפאַלן א געדאַנק: ארומגיין אויף דער שטאָט קען ער אַצינד ניט, מען וועט אים ניט געבן. אוז אַביסל גלוסט זיך אים טאַקע ניט פון דער וואַרעם אין דער קעלט אַרויסגיין. נאָר בא די, וואָס קומען צו אים א היים, קאָן ער דאָך מאָנען; זיי וועלן אים געבן. ס'איז לייטעשע מענטשן מיט אידישע הערצער! דער איינפאַל איז באמת געווען ניט קיין שלעכטער: „אך!" „אדרבה" האָט זיך אָנגעכאַפּט יעדער פון די אריינקומענדיקע, ביי וועלכע ער האָט געמאָנט א „נדבה": „פאַרוואָס ניט?" „מיר זיינען אויך אידן! כאָטש מיר זיינען קליינע מענטשע־לאַך!" „כ'לעבן, אקעגן ר' „אַנטשל דעם גאָלדענעם" — זעען מיר זיך אָן?! בינען, קליינע בינען, אקעגן א גרויסן בער!"... נאָר אַף־על־פּי־כן — איטלאַכער נאָך זיין כח איז מחויב צו געבן".

און איטלאַכער האָט געגעבן נאָכ'ן כח און אי־בער'ן כח... מען קען זיך דאָך ניט מאַכן א ציגיינעריש פּנים, ווען ר' אנטשל אליין מאָנט א נדבה! ווער ווייס אויף וואָס? אויף הכנסת כלה, צו ביקור חולים, צו קבורת מת מצוה... „אויף וואָס אַזאַ גביר קען מאָנען א נדבה!"... ר' אנטשל האָט אויף דער נאַכט איבערגעציילט די נדבות און איז העכסט צופרידען געבליבן: אַזאַ נדבה האָט ער אַפילו אין חלום ניט געזען! די נדן געלטער האָט ער ניט

---

אַף־על־פּי־כן (אַף אַל פּי קיין): פונדעסטוועגן.

הכנסת כלה (האַכנאָסאַס קאַלע): געלט חתונה צו מאַכן אָרעמע מיידלאַך.

בקור חולים: געלט צו העלפן אָרעמע קראַנקע.

קבורת מת מצוה: די מצוה פון באַערדיקן אַן עלנדן טויטן.

געוואָלט ציילן, ווייל זיי זיינען אים ניט אזוי באַקומען; ער האָט נאָך געהאַט אַ שטיקל מרה-שחורה, טאָמער וועלן זיי פּאָרט אלע אין איין טאָג מיט אמאָל צוריק פאָדערן, אָבער נדבה-געלטער וועט מען דאָך אודאי צוריק ניט מאָנען! „דאָס איז מיינס אויף תמיד“, טרייסט ער זיך, און דאַריבער האָט ער עס געציילט, און האָט זיך גאָר ניט געקאָנט זאַט אָנציילן.

„אַ טייער מיטל דאָס איז, טראַכט ער זיך, זיצן אין דער היים און מאַכן אזא נדבה! איך בין ביז היינט נאָך ניט געפאלן אויפ׳ן שכל דאָס מיטל צו פּרואוון! אי עס איז גרינגער, אי מען מאַכט מער“.

ער האָט זיך געגעבן דאָס וואָרט מער אין די הייזער ניט צו גיין. ער וועט דארפן אַ נדבה, וועט ער זי מאַכן אין דער היים. דאָס הייסט — אָט דאָ אין דעם צימערל, וואו עס איז אַזוי וואַרעם און מען גיט עסן און טרינקן, און מען ברענגט נאָך געלט אויך.

---

ד.

## ר׳ אַנטשל ווערט אַ חתן

שדכנים האָבן זיך אָנגעהויבן ברעכן די מוחות איבער „ר׳ אנטשל דעם גאָלדענעם“. סטייטש, אַזאַ אלמן זאָל ניט אויסזוכן אַ כלה דאָ אין שטעטל! אמת, לויט זיין רייכקייט, זיינע אוצרות (און קוים רייך איז ער דאָך

---

אלמן: איינער ביי וועמען די פרוי איז געשטאָרבן.

פשיטא א גרויסער געלערנטער אויך) קען מען אים דאָ קיין גלייכן ניט צוקלייבן; נאָר דארויף איז ער דאָך „ר׳ אַנטשל דער גאָלדענער“, מיט זיינע גוטע מעשים טובים! אים שטייט אָן צו נעמען דוקא אָן אָרעם מיידל, גלאַט פאַר רחמנות! און אָרעם הייסן דאָך גלאַט אפילו די גרעסטע גבירים אַנטקעגן אים! מען דאַרף א טאָפּ טאָן! א קשיא אויף א מעשה? למאי האָט ער זיך דאָ ביי אונז באזעצט! געלאָזט ברושטינענע פאלאצן מיט גאָלדענע שטאָלן און זיצט דאָ אין א נומער! אויך מסתמא פאר רחמנות!

אין שטאָט צווישן מיידלאך האָט מען אויך געשמאַק גערעדט פון דעם גאָלדענעם אלמן: „דאָס איידלקייט ליגט אים אויפ׳ן פנים“ — האָבן א טייל געזאָגט.

— דער שראָם אויפ׳ן פנים פּאַסט אים אַזוי! — זאָגט אַן אַנדערע, — גאָר ווי צוגעמאָסטן; עס קאָן זיין, ער האָט זיך אים אומיסטן געלאָזט מאַכן.

— וואָס פאר א שארפע אויגאלאך ער האָט!—געפינט א דריטע — מיט איין מאָל קוקט ער אָן צוויי מענטשן!

— די אויגן ציען ווי מאַגנעטן.

— גאָלדענע צוויי אויגן!

— ער איז אין גאַנצן אַ גאָלדענער מענטש!

אַז וואויל איז דער, וואָס וועט אין זיינע הענט אריינ־פאלן.

עס האָבן זיך געפונען טייל עזות׳דיקע גבירים, וואָס האָבן געפּרואווט אונטערשיקן א שדכן, נאָר קיין שדכן האָט זיך ניט אונטערגעשטעלט אריינצוגיין. און דאָ דאַרף

עזות (אַזעס): חוצפה. געוואַגטקייט.

מען זיך נאָך פאַר׳גנב׳ענען פאַר׳ן שומר, וועלכער היט די טיר, עס זאָל ניט אַריינגיין אַבי־ווער!

איין שדכן, גאָר אַ וואוילער יונג, וואָס האָט געקאָנט אַ פּויל אייזל מיט אַ שלאָפנדיקן בער צונויפפירן, וועלכן מען האָט טאַקע דערפאַר גערופן „אייזלבער", האָט זיך אונ־טערנומען אויף דער שטיקל אַרבעט.

און אַזוי ווי „אייזלבער" האָט זיך פאַראויס אויסגע־מאָלט, אַזוי גרינג איז אים געגאַנגען. ר׳ אַנטשל דער גאָל־דענער איז אַזאַ עניו, אַז ער האָט זיך גאָר ניט געגלויבט, אויב עפּעס אַ מיידל וועט וועלן גיין פאַר אים.

— חתונה האָבן, — ענטפערט ר׳ אַנטשל, — מחיכי תיתי, איז אַ אידישע זאַך, נאָר ווער וועט מיר דען געבן זיין טאָכטער?

און „אייזלבער" האָט דאָס ערשטע מאָל אין לעבן באַ־דאַרפט באַנוצן שבועות אויף אַן אמת: „ביי מיין באָרד און פאות, ביי מיין לעבן, ביי מיין ווייב און קינדער, ביי אַ ספר שווער איך, ר׳ אַנטשל, אַז ווען איר זאָלט אַלע מיידלאַך פון שטאָט וועלן, וואָלטן זיי אַלע געגאַנגען אונ־טער איין חופה מיט אייך.

„ווי קען מען עס ניט וועלן אַזאַ גביר, אַזאַ פאַרשוין, קיין בייז אויג, ווי איר זייט! ווילט איר אָרעמע, ווילט איר רייכע פון גאָר די רייכסטע, צי אפשר ווילט איר גאָר דעם רבינ׳ס מיידל? צי אפשר ווילט איר גאָר אַ „מאָמ־

ענו (אַנעוו): איינער וואָס האַלט זיך קליין. ניט שטאָלץ.
מהיכא תיתי (מהייכע טייסע): פאַרוואָס ניט? אויך רעכט.
מאַמזעל: מיידל. אַ פראַנצויזיש וואָרט, וועלכן מען באַ־נוצט, ווען מען וויל זאָגן אויף אַ מיידל, אַז זי איז היינטוועלטיק, אַן אַריסטאָקראַטקע.

זעל"—איז דאָ ביים דאָקטאָר... אַ קענעוודיקע, אַ גוואַלט! קוקט אויף ברילן, און טראָגט אַ שטעקעלע, ממש — אַ מאַנסביל! אָט לאָז איך אייך איבער אַ צעטל — יעדער נאָך זיין פאַרמעגן מיט זיין נאָמען, מיט זיין ציפער נדן. אָט דאָס איז פון אָרעמע לייט, נאָר מיוחסים, איך בין אויך דאָ צווישן זיי, און איר קלייבט זיך אוים! מאָרגן וועט איר מיר זאָגן תשובה. איך האָב אייך פאַרגעסן צו זאָגן: עס איז דאָ צווישן זיי „גאָר שיינע", און „שיינע" און „אביסל שיינע" — קיין מיאוס'ע פאַרמאָג איך גאָר ניט! די „שיינע" זיינען דאָ געצייכנט מיט אַ שטריכעלע... ניט! די „שיינע" זיינען דאָ געצייכנט מיט אַ שטריכאַלע... בעריקע האָב איך ניט געצייכנט.

ר' אַנטשל האָט זיך גענומען קוקן אויף דעם צעטל, און האָט זיך גיך אויסגעקליבן אַ זווג, ער האָט דערביי אַ גלייכן חשבון געמאַכט: וועלן, זאָגט אייזלבער, ווילן זיי מיך אַלע. גבירים, זע איך, איז דאָ ווייניקער ווי געמיינע; גבירים מיוחסים — נאָך ווייניקער; גבירים מיוחסים מיט שיינע מיידלאך — גאָר, גאָר ווייניק! קבצנים, פּראָסטאַ־קעס, מיט מיאוסע מוידן, איז דאָ, זע איך, גאָר אַ סך. אַז איך וועל נעמען אַ מיאוס'ע מויד, אַ פּראָסטאַק, וועלן יענע אַלע איבריקע זי מקנא זיין! וועלן זיך, נעבאַך, שטאַרק מצער זיין — איז גלייכער אַ שיינע ביי אַן עושר, אַ מיוחס — וועט ווייניקער קנאה זיין.

מילא, מיט'ן זווג איז ער שוין פאַרטיק, נאָר אים האָט פאַרנומען אַן אַנדער געדאַנק: ער האָט היינט געהערט פון אייזלבערן, אַז ער, אַנטשל, איז אַ גרויסער גביר;

---

זווג (זיוועג): פון דעם וואָרט זוג — אַ פּאָר. אַ זווג מיינט אַ מאַן אָדער אַ ווייב. וואָס איז באַשערט, פון גאָט באַשטימט.

אייזלבער איז א קלוגער, ער ווייס אלצדינג. אז ער זאָגט, מסתמא ווייס ער וואָס ער זאָגט. און איך האָב דערפון ביז היינט ניט געוואוסט! גערעכט געווען, ביילע מיינע, א גוטן זכות זאָל זי טראָגן, ווען זי פלעגט זאָגן „גאָלדן קעלבל"; איך ווייס ניט פון גאָר ניט, טאַקע נאָר א קעלבל! עס ליגט דאָך באמת ביי מיר אזוי פיל געלט! איז וואָס? דאָס וועט מען אמאָל אָפּנעמען, און יענע איז נדבות־געלט? ווער זשע ווייס? מסתמא איז ביי אלע גבירים אזוי!. . . און אויפגעלייגט פון דער נייעס, וואָס ער איז געוואָר געוואָרן, האָט ער מיט אַפּעטיט געגעסן וועטשערע און געלייגט זיך שלאָפן — אָן עושר!. . .

---

ה.

## ר' אַנטשל האָט חתונה געהאַט

ר' אַנטשל האָט צו מזל חתונה געהאַט, מיט דער שענסטער מיידל פון שטאָט. אין דער תחילה איז ער גע־ווען זייער צופרידן. איין חסרון נאָר, וואָס זי רופט זיך מיט זייער א לאַנגן נאָמען: יע־לי־זא־ווע־טאַ. א גאַנצער „על חטא", צו אַל־די־שווארץ־יאָר! ער האָט נאָך איינמאָל דעם נאָמען ניט ארויסגערעדט, ניט צו פארהיקן זיך. און צו וואָס דאַרף מען דאָס? ניט גלייכער בקיצור'דיקער: „יאַכנע" און שוין! פּראָסטער און ריינער! נאָך איין חסרון געווען: זי האָט זיך אַיינגעשפּארט ניט אנדערש נאָר די שפּיץ באָרד אָפּשערן! „ווייסט זיי דער שוואַרצער פּעפּער, וואָס זיי האָבן נאָר שליטה צו די בערד! יענע, מיינע רייד זאָלן איר ניט שווער זיין, האָט אויסגעפּליקט

איין עק באָרד — פּראַסט מיט די ידים; די האָט זיך פאַר־
גומען אויפ׳ן אַנדערן שפּיץ באָרד, אויף כלומר׳שט מיט אַ
שערל! אַן אומגליק נאָר! עס רייסט דאָס האַרץ! וויפיל
יאָר די באָרד וואַקסט שוין!" ווייטער איז אַלעם געווען
אַם בעסטן: עס האָט זיך אָנגעהויבן לעבן אַ מחיה׳דיק
לעבן. דער שווער האָט אים דעם נדן ניט גע׳סילוק׳ט,
וואָרום וואָס איז שייך סילוק׳ן? סיי ווי האָט דער שווער
בדעה נאָך דער חתונה מאַכן ביי אים אַ שטיקל הלואה,
טאָ צו וואָס זשע געבן און צוריקנעמען? ס׳איז דאָך אַן
איבריקע טרחה! נאָר וואָס קער זיך אָן נדן מיט לעבן?
לעבן האָט זיך געלעבט פיל בעסער, ווי מיט יענער. ר׳
אַנטשל זעט ערשט אַצינד, אַז אַן עושר איז אַ סך גרינ־
גער צו זיין, ווי אַן אָרעמאַן.

דאָס יונגע ווייבל מיט׳ן לאַנגן נאָמען איז פלוצלונג
ווי פאַרשטומט געוואָרן! זיצט רק מיט׳ן פּנים צו דער
וואַנט! מיט איטלאַכן רעדט זי אַזוי פריינטלאַך, נאָר צו
אים קוקט זי עפּעס מיט פאַרמאַכטע אויגן. צו איז זי
ברוגז? נאָר וואָס איז שייך ברוגז? יענע, זאָל זיין אָפּגע־
שיידט, פלעגט אויך אַמאָל ברוגז ווערן. נו, פלעגט זי דען
שווייגן? פלעגט זי דען אַזוי קוקן? פאַרקערט, פלעגט אַ
סך ריידן! און מיט קיינעם ניט, נאָר מיט אים! און מיט
וואָס פאַר אַ פייעריקע אויגן זי פלעגט קוקן! אַך, עס
פלעגט זיין אַ מורא! נאָר דאָ איז פאַרקערט! מורא איז
ניטאָ וואָס צו האָבן, נאָר פאַרט, עס איז אפשר נאָך ער־

---

סילוקן: באַצאָלן.
אַ הלואה (האַלוואַע): אַן אַנליי, אַ געבאָרגטע סומע געלט.
טרחה (טירכע): מי. אַרבעט.

גער. . . עס איז סקוטשנע. . .

ביז דער סוד איז ארוים. זי האָט זיך איינגעשפּאַרט: זי האָט אַן אָרעמען קרוב, וויל זי, ער זאָל אים אָנשטעלן אלס געשעפטס-פירער ביי זיך.

צוליב וואָס מען מאַכט עס אַן אַזאַ רעש מיט אַזוי פיל חן׳ן? פאַרוואונדערט זיך ר׳ אַנטשל. כ׳האָב גע־מיינט, זי וויל מיך קעפּן! ממה נפשך: בין איך טאַקע אַן עושר, אַזוי ווי זיי זאָגן, דאַרף איך דאָך טאַקע אַ מענטש! וואָרים וואָס איז שייך אַן עושר אָן אַ מענטש? אַן עושר אַליין דאַרף האָבן אַן אַנדערן — אַ מענטש ביי זיך!. . . איז דאָך באמת גלייכער איר קרוב איידער אַ פרעמדער.

און גאָדעל „דתן ואבירם" — מאַדאַם גאָלדענער׳ס אַ קרוב, איז געוואָרן געשעפטס-פירער ביי ר׳ אַנטשל דעם גאָלדענעם. דאָס איז געווען אַ אידל, אַ קליינס, אַ פאַר־ריסענס, אַ דאַרס. מען פלעגט אויף אים זאָגן, אַז ער דאַרט אויף ממה נפשך: הערט ער, אַז עמעצער האָט פאַרדינט געלט, דאַרט ער פון האַרצווייטיק. הערט ער, ווידער, אַז עמעצער האָט אָנגעוואָרן געלט, הערט ער אויף צו עסן פאַר גרויס שמחה, און דאַרט ווידער אַמאָל. דעם טיטל „דתן ואבירם" האָט ער באַקומען, ווייל ער פלעגט זיך מישן אין אַלע שטאָטישע אינטערעסן און אפילו אין אינ־טערעסן פון יחידים. נישט געטראָפן אין שטעטל איין איד זאָל דעם אַנדערן אין טאַטן אריין שילטן, און גאָדעל זאָל פון דער ערד ניט אויסוואַקסן אין דער מיט און אָננעמען זיך פאַר איינעם, כדי אָנצופאַלן אויפ׳ן אַנדערן. ניט געווען

---

סקוטשנע: אומעטיק. איינזאַם.
קעפּן: הרג׳ענען דורך אַפּהאַקן דעם קאָפּ.
ממה נפשך (מימאַנעפּשאַך): איינס פון די ביידע.

איין משפט ביים געדיכט, גאָדעל זאל דארט קיין עדות ניט זיין. — איך קען קיין עולות ניט ליידן — פלעגט ער דערקלערן זיין ווייב, ווען זי פלעגט אים מוסר'ן, פאַרוואָס ער קריגט זיך מיט יעדן, און מאַכט זיך אומזיסטיקע שונאים. — איך קאָן ניט ליידן, אז איך זע אַן עולה, ניט ווייל איך האָב רחמנות אויפ'ן געריבטן, אויף יענעם איז אַ מצוה! לאָז ער וויסן! נאָר פאַרוואָס קומט עס דעם רויבער, ער זאָל פאַרדינען!

א פייאיקער יונג דערצו איז ער אויך געווען. זיין פייאיקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט פאַרמאָגט אַ ווייב מיט אַ קאַרג טוצן קינדער. דאָס האָט אים פייאיק געמאַכט צו אַלעם. ער האָט אין אמת'ן געעפנט גוטע געשעפטן אויף זיין פרינציפּאַל'ס נאָמען; פאַרבונדן זיך אין האַנדל מיט אנדערע געשעפטס-פירערס, ווייל ר' אַנטשל'ס נאָמען האָט אַרויסגעוואַקסן פונ'ם שטעטל אין דער גאַנצער געגנט אַרום. עס האָט געקלונגען די וועלט מיט זיין רייכקייט און זיינע גרויסע צדקות. און מער ווי אַליץ—זיין פּראָסטקייט: „פירט זיך קוים-קוים ווי אַ קליינער עושר" — האָט מען דערציילט אויף דער וועלט.

גאָדעל האָט אָפּגעהיט ר' אנטשל'ס פאַרמעגן, ווי, להבדיל, א גוטער הונט. אויף „וואָס ווייניקער צו געבן און וואָס מער צו נעמען" איז ער תמיד געווען אַ בריה. אז יענעמס אומצופרידנקייט ברענגט דעם צווייטן ריוח — האָט ער פון לאַנג געוואוסט, און וואָס דאַרף דען יעדער קאַנטאָר מער, ווי די צוויי כללים? א) „וואָס ווייניקער

עולות (אוולעס): אומרעכטן.
א בריה (בעריע): א פייאיקער.
ריוח (רעוואַך): פאַרדינסט.

געבן און וואָס מער נעמען", און ב) „יענעם ארויסלאָזן וואָס מער אומצופרידן?" גליקלאכע געשעפטן האָט ר' אַנטשל געמאַכט. דאָס פארמעגן פונ'ם שטעטל און פון אַלע אַרומיקע שטעטלאַך איז געלעגן אין גאָדעל'ס הענט.

גאָדעל האָט אַפילו אַ טראַכט געטאָן ער זאָל פאַר־לייגן דעם פרינציפּאַל, ער זאָל אַריבערפירן אַהער זיינע אוצרות וואָס ער האָט אויף דער גרויסער וועלט אונטער פאַרשידענע פירמעס. נאָר ער האָט זיך באַרעכנט, אַז דאָס קאַפּיטאַל וועט זיך נאָך מער פארגרעסערן, וועט מען דאָ אפשר דארפן נאָך מענטשן אין געשעפט!... וואָס זשע טויג אים נאָך אַ איד? נאָך אַ קוגל זאָל זיך דאָ דרייען ביי ר' אַנטשלען? גלייכער עס זאָל דאָרט ליגן און וואַקסן, דערווייל פילט זיך דאָ, ברוך השם, קיין מאָל קיין מאַנגל אין געלט.

און סוחרים האָבן אָנגעהויבן אריינקומען צו ר' אַנטשלען אים שואל בעצה זיין. און אַמאָל פאַרלאָזן זיך אויף אים אין סכסוכים; אז מען פלעגט ארויסגיין, פלעגט מען זיך ברעכן דעם קאָפּ צו געפינען דעם געדאַנק, די טיפע חכמה, וואָס ליגט אין זיין ענטפער: „ר' אנטשל דער „גאָלדענער", פלעגט מען דערציילן אין שטאָט, רעדט קורץ און טיפזיניק. עס ווייזט זיך דיר אוים, ער ענטפערט דיר ניט צו דער זאך... עפּעס ווי אַ רעטעניש... אַמאָל ממש במולנות... דו דאַרפסט דיר גוט ברעכן דעם

---

שואל בעצה (שויעל באייצע) זיין: זיך אַן עצה האלטן. פרעגן אַ מיינונג.

סכסוך: אַ קריג. אַ מיינונגס פאַרשידענקייט.

ממש (מאַמעש): איינפאַך.

בטלנות (באטלאָנעס): נאַרעשקייט. די רייד פון איינעם, וואָס פאַרשטייט ניט די זאך, וואָס רעדט ניט צום ענין.

קאָפּ ביז דו געפינסט די טיפע כונה פון די געציילטע ווערטער!...

און אז מען האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ האָט מען געפונען...

ר׳ אנטשל׳ס נאָמען האָט זיך צעוואקסן אויף דער וועלט, ביז עס האָט שוין ניט געקלעקט קיין אָרט; ער האָט זיך אַרויפגעוואַקסן אויף אַלע בלעטער. קאָרעספּאָנ־דענטן האָבן זיך מיט אים שטאַרק אָפּגעגעבן, איבערגע־ציילט זיין קאַפּיטאַל, און באַשריבן זיינע „פּרינציפּן און שטרעמונגען", זיינע הויכע אידייען, אין וועלכע, ווי גע־ווינלאך, צוויי קאָרעספּאָנדענטן זיינען זיך קיינמאָל ניט צונויפגעקומען.

אַמאָל האָט זיך פאַרוואַלגערט אַ אידיש בלאַט צו ר׳ אנטשלען אין דער האַנט אַריין. דאָס איז געווען על פּי השגחה, ווייל עס איז דאָך ניט קיין דרך הטבע אַ אידישער גביר זאָל זיך קאָנען אָנקערן מיט אַ אידיש בלאַט, און עס האָט אַ שיין געטאָן פאר זיינע אויגן זיין אייגענע צורה.

אַ ממזר־קאָפּ! פאר׳חידוש׳ט ער זיך: אזוי געזונט מיך אויסגעמאָלט! אַפילו די אויגן מיטן שראַם! גרויסע קעפּ פאַראַנען אויף דער וועלט, און ער לייענט דאָרט

בלעטער: צייטונגען.

על פּי השגחה (אַל פּי האַשגאָכע): לויט אַ געטלאַכן פּלאַן אָדער באַשטימונג.

דרך הטבע (דערעך האַטעווע): נאַטירלאַכער וועג. אַ גע־ווינלאַכע זאַך.

צורה: געזיכט. פּנים. צורה ווערט מייסטענס באַנוצט מיט אַ געווויסער מאָס שפּאָט.

וואָס ס'איז אָנגעשריבן וועגן אים.

— „זיינע צדקות זיינען אין לשער! און אלץ אויף מתן בסתר! קיין גברא ווייסט ניט ווען און וועמען ער גיט! און באַנוגנט זיך ניט דערמיט וואָס ער אַליין גיט, ער רייסט די הויט ביי די קליינע גבירים'לאך, וואָס רייבן זיך ארום אים! ביי יעדן מאָל, וואָס ווער פון זיי קומט צו אים אריין, מוז ער לאָזן א נדבה, היינט — זיין חכמה איז גאָר ניט צום באַשרייבן! זיין באַלעזנקייט, זיין געזונטער שכל!"

ר' אַנטשל קוקט זיך אַרום און זיין פּנים שיינט פאַר שמחה. — דאָס האָב איך ניט אָנגעהויבן צו וויסן, — פאַר־וואונדערט ער זיך: פאַר קיין נאַר האָב איך זיך קיינמאָל ניט געהאַלטן; כאָטש זי, זאָל א גוטן זכות טראָגן, פלעגט דרינגען מיט אותות ומופתים, אז איך בין א „גאָלדן קעלבל", מיינע רייד זאָלן איר ניט צו שווער זיין, זי איז געווען א האפעריקע. פון כעס האָט זי געזאָגט, וואָס נאָר ס'איז איר אַריינגעקומען אין מויל! — נאָר אַז איך בין אַ חכם און א געלערנטער, האָב איך ניט אָנגעהויבן צו וויסן. די וועלט, אַפּנים, איז תופס אַ מענטשן בעסער, ווי דער מענטש זיך אַליין. דארויף איז עס אַ וועלט — ניט קיין יחיד!

---

אין לשער (איין לשאער): נישט צו אָפּמעסטן, נישט פאַר־צושטעלן זיך.

מתן בסתר (מאטן בסייסער): באהאַלטענע גאַב. ווען מען גיט נדבות קיינער זאָל דערפון נישט וויסן. מתן בסתר איז ביי אידן פאררעכנט פאר א סך חשוב'ער ווי געבן אלע זאָלן וויסן — בפרהסיא.

גברא (גאַוורע): אַ מענטש.

האַפּערדיק: געוואַגט, שטאָלץ, חוצפּה'דיק.

תופס: באַנעמען, באַגרייפן.

און גאָדעל׳ס עצה האָט גאָר ניט געהאָלפֿן: ר׳ אַנטשל׳ס געשעפֿטן זיינען געוואַקסן וואָס גרעסער און גרעסער. מען האָט געמוזט נייע מענטשן ארייננשטעלן אין נייע געשעפֿטן, וועלכע האָבן זיך געמוזט עפֿענען. און מענטשן — וואָס ווילן דען? מענטשן ווילן, אַז דאָס געשעפֿט, ביי וועלכן זיי דינען, זאָל מצליח זיין, זאָל קיינמאָל ח״ו ניט אומפאַלן! וואָרום דאָס געשעפֿט זאָל ח״ו פאַלן, ווערן זיי די ערשטע געבראָכן פון פּרנסה! אַ קלייניקייט פּרנסה פאַר אַ איד פון ווייב און קינדער! דאריבער זיינען מענטשן אָפטמאָל געטרייער די געשעפֿטן, ווי דער בעל הבית אליין, ווייל זיי זיינען מער איינגעשטעלט פון׳ם בעל הבית. דער בעל הבית ווערט דאָ אָן געלט, און זיי — פּרנסה. דער בעל-הבית ווערט נזוק — זיי ווערן געבראָכן! ר׳ אַנטשל׳ס געשעפֿטן האָבן זיך אויך דערפאַר גוט געהיט, און זיינען שטאַרק געוואַקסן — ניט אזוי אין כח אריין, ווי אין דער ארבעט. זיינע וועקסלען האָבן אָנגעשפּאַרט אומעטום. דאָך האָט ר׳ אַנטשל זיך געפירט מיט נדבות, ווי ער האָט זיך תמיד געפירט: אַלץ גענומען ביי יעדן אַ נדבה, און יענע געלט, וואָס אין קאַסע, האָט ער ניט אזוי שטאַרק ליב געהאַט. יענע איז דאָך אַלץ אזעלכע, וואָס מען דאַרף אַמאָל אָפּגעבן, נדבה-געלט איז לויטער מיינס, טרייסט ער זיך נאָך היינט אויך, און דאָס געלט פלעגט ער טאַקע האַלטן ביי זיך.

נאָך מער ווי דאָס פאַרמעגן איז געוואַקסן זיין חכמה און זיין געבילדעטקייט; זיינע ווערטלאַך זיינען געוועזן

---

ח״ו (כאָס וושאַלעם): גאָט זאָל אָפּהיטן.
נזוק: געשעדיקט. ליידן פאַרלוסט.

עובר לסוחר; פלעגט רופן יעדע זאך מיט זיין נאָמען — נאַר ווי א פּאָעט; צווישן די עליות, א שטייגער, האָט „מפטיר" געהאַט אַ נאָמען „קאָדע שמאַלץ", שישי און שלישי — אַ „גוטע וועטשערע", די איבעריגע עליות — „לונג און לעבער". אין יענעם שטעטל רופט מען נאָך היינט אויך די עליות מיט יענע נעמען. היינט זשע אַ מבינות אויף אתרוגים ער האָט באַקומען! און אויף טליתים. היינט אויף צירונג און רויכווארג. בקיצור, ער האָט געלעבט אַ גוטן טאָג.

אַמאָל שטייט ער ביי זיין פענצטערל און גענעצט. פלוצלונג הערט ער עפּעס אַ רויש ביי דער טיר. דאָרט האָט זיך געריסן אַן אָרעמאַן אריינצוגיין, און מען האָט אים ניט אריינגעלאָזט. ער האָט זיך דערמאָנט אַן זיינע אַלטע חברים און האָט זיך פאַרבענקט נאָך זיי. כאָטש עטלאַכע ווערטער וואָלט ער וועלן ריידן מיט אַן אָרעמאַן! כאָטש ווייזן יענעם וואָס פאַר אַ גליק ער האָט צו קבצנות! ער האָט געהייסן צולאָזן דעם אָרעמאַן. ער האָט אים אריינ־

עובר לסוחר (אויווער לאַסויכער): גאַנגבאַר, וואָס אַלע נעמען אַן.

עליות (אַליעס): אין שול ווערט יעדן שבת און יום טוב, מאָנטיק און דאָנערשטיק געלייענט אַ טייל פון דער תורה. יעדער טייל, וואָס הייסט סדרה, איז איינגעטיילט אין זיבן קלענערע טייל, פּרשיות. צו יעדער פּרשה, וואָס מען לייענט, רופט מען אויף אַן אַנדערן. דאָס גערופן ווערן הייסט קריגן אַן עליה, ארויפ־גאַנג. ווייל די תורה ווערט געלייענט אויף דער בימה און דער גערופענער דאַרף אַרויפגיין.

מפטיר (מאַפטער): שלום. די לעצטע עליה שבת און יום טוב, מיט וועלכער מען שליסט דאָס לייענען. מפטיר רעכנט זיך פאַר אַ חשוב'ער עליה, ווייל דער גערופענער דאַרף נאָכדעם לייענען די הפטורה, אַ קאַפּיטל פון די נביאים.

רויכווארג: פּוטער.

קבצנות (קאַבצאָנעס): אָרעמקייט.

געקומען צו זיך אין צימער אריין. יענער האָט זיך איינ־געקאָרטשעט מיט גרויס דרך ארץ, קוים וואָס די אויגן אויפגעהויבן. . . „ניט צו אייך דאַרף איך“, רעדט ער קוים וואָס מען הערט, — „איך דאַרף צו „אנטשל דעם גאָל־דענעם קעלבל“.

— נו, דאָס בין איך דאָך! — ענטפערט ר׳ אנטשל.

— ניין, ס׳קען ניט זיין! יענער איז אנדערש! יענער קוקט קאָסע, און איר קוקט אזוי שאַרף!. . . יענער האָט געהאַט אַ שראַם איבער׳ן פּנים, און איר. . . האָט אַ מזל־קנייטש איבער דער באַק. . . זיי קוקן זיך פאַנאַנדער אין די פּנימ׳ער און דערקאָנען זיך.

— אי, קרומער, וואָס טוסטו?

— זע נאָר, טאַקע באמת אנטשעלע! וואָס טוסטו, אנטשעלע?

— אָט וואָס איך טו! האָב זיך מישב געווען, גע־פּרואווט בייטן די פּרנסה, געוואָרן אן עושר, און האָב גאָר ניט שלעכט געמאַכט. איך ראַט דיך אויך, קרומער! וואָס טויג דיר קבצנות? גלויב מיר! אן עושר איז אַ סך גרינגער צו זיין!

— דיר איז עס גרינג אָנגעקומען — ענטפערט יע־נער — נאָר וויסטו פאַרוואָס? דאָס בין איך שולדיק אין דעם! איך האָב זיך גאָר אזוי ווייט ניט מתכון געווען! מיר האָט זיך פאַרגלוסט אויסצושיטן מיין קעסטל ליגענס פאַר אַ בעל הבית, וואו כ׳האָב געגעסן שבת, אָנדערציילט אים פון ר׳ אנטשל דעם גאָלדענעם, און אז יענער האָט זיך

---

קאָסע: קרום.

מתכון (מיסקאַוון) געווען: געהאַט די כוונה, די אבזיכט. אויסן געווען.

געפרעגט אויף סימנים, ווי אַזוי דערקאַנט מען דעם ר׳ אַנטשלען, איז מיר פלוצלונג איינגעפאלן צו געבן דיינע סימנים.

— אזוי גאָר?!. . . לאַכט ר׳ אַנטשל. — נו, אַצינד ווערסטו זיי אויסזאָגן דעם אמת?

— ווער וועט מיר דען אַצינד גלויבן? שוטה! ס׳איז פארפאלן, פגר׳סט אַן עושר! אפילו דו ווערסט דעם אמת דערציילן, וועט מען דיר אויך ניט גלויבן!

— מיר אפשר ניט, אָבער דיר! אז מ׳האָט דעמאָלט געגלויבט איז דאָך א קל־וחומר, אז מ׳וועט דיר איצט גלויבן.

— ניין, פשוט: ראשית, ווייל אַ ליגן גלויבט זיך גיכער ווי אַן אמת; אַ ליגן איז תמיד שענער, ווי אַן אמת — הערט מען אים בעסער, און דערפאַר גלויבט מען אים גיכער. שנית, האָבן מענטשן אַ גרויסן אינטערעס, זאָלסט דוקא זיין אַן עושר. זיי דאַרפן ניט דיין געלט, וועלכעס דו פארמאָגסט באמת ניט, זיי דארפן דיך. אין זכות פון דיין נאָמען פרעסן זיי „אָנבייסן מיט וועטשערע“, מאַכן חתונה קינדער, און האַלטן אַרום זיך מענטשן. איצט ווערסטו זיי פלוצלונג גאָר דערציילן, אַז דו ביזט גאָר „אַנטשל קעלבל!“ זיי וואָלטן דיך דער׳הרג׳עט, און וואָלטן גערעכט געווען. וואָרום פארוואָס ווילסטו זיי אַלע דער׳הרג׳ענען?

---

קל וחומר (קאַל וואָכוימער): אַן אופן פון אַפּלערנען פון איין זאַך אויף דער אַנדערער, פון אַ לייכטן פאַל אויף אַ שווערן, וואָס ווערט אָנגעווענדט אין תלמוד. מען קען לערנען פון דעם, וואָס זיי האָבן אים פריער געגלויבט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז אַנטשל איז רייך, אַז זיי וועלן אים איצט אודאי גלויבן ווען ער וועט זאָגן, אַז ער האָט זיי אָפּגענאַרט.

— טאַקע גערעכט! ס׳איז אַ רחמנות אויף זיי! היינט פאַסט פאַר מיר ניט, איך זאָל אויסזאָגן, מחמת איך בין אַ חכם (דו ווייסט, איך בין געוואָרן די לעצטע צייט אַ חכם, אלע בלעטער שרייבן עס?) נו, טוט דען אַ חכם אזוי?

— יאָ, חכם מיינער! וואָס זשע וועסטו מיר כאָטש געבן דערפאַר?

— וואָס זאָל איך דיר געבן? אפשר ווילסטו, קאָן איך זען, מען זאָל דיך אריינגעמען פאַר אַ מענטש אין מיינע געשעפטן!

— משוגע בין איך דען? אלס מענטש וועל איך דאָך דאַרפן עפּעס טאָן! וואָס קאָן איך. דען ניט באַשטיין דיינע מענטשן זאָלן טאָן, און איך זאָל ביי זיי עסן אַ פּאַרטיקן אָנבייסן?

— נו, קאָן איך דיך פאַרזאָרגן אלע שבת מיט אַ גוטער עליה!

— אַ חכם, אַ חכם, און פאָרט אַ קעלבל! די גוטע עליה איז נאָר דערפאַר גוט, ווייל גבירים האָבן זי פאַר־כאַפּט! אַז דו וועסט אָנהויבן רופן קבצנים צו דער עליה, וועט זי וואָלוול ווערן!

— —וואָס זשע דען זאָל איך דיר געבן?

— אָט, סיי ווי האָסטו קיין קינדער ניט! מאַך מיך פאַר דיין יורש!

— וואָס זשע? האָסטו דען בדעה מער פון מיר צו לעבן?

— אודאי! פשוט, מחמת דיך באַהאַנדלען דאָקטוירים, און מיך ניט!

— און איך האָב גערעכנט, פארקערט. כ'האָב דיר אפילו געוואָלט צוזאָגן צו זאָגן משניות נאָך דיר! ווייסט, אז איך קען שוין משניות? אזוי פון זיך... כ'וויים ניט פון ווען, פון וואָס — גאָר איך קאָן!

די אלטע צוויי גוטע ברידער האָבן זיך אָנגערעדט, אָנגעשמועסט ביז זיי האָבן זיך צעשיידט.

ר' אַנטשל האָט קיין סך נאָך דעם טאָקע ניט מאריך ימים געווען, אַ חכם, און האָט זיך פּאָרט באַנאַרעשט: גע-נומען און געשטאָרבן. נאָכ'ן טויט האָט מען געפונען אַ צואה, אז דער איינציקער יורש פון זיין פארמעגן איז אַ קרומער אָרעמאַן, וועמעס נאָמען ער ווייסט ניט, ווייל מען פלעגט אים אַנדערש ניט רופן — ווי „קרומער", נאָר כדי עס זאָל קיין אַנדער קרומער ניט קומען אויסנאַרן די ירושה, גיט ער אָן אויף אים סימנים: ער איז אַ גרוי-סער „ליגנער": על כן, ווען אַ קרומער וועט קומען, זאָל מען אים פארהערן אין ליגן זאָגן, ווער פון זיי ס'וועט זאָגן אַ גרעסערן ליגן, זאָל בלייבן יורש. און שטאָט-לייט האָבן געפּאָלגט „צוואת-המת"; געלאָזט אויסרופן אין אלע בתי מדרשים און שולן, אז בכן, ווער עס איז געלייטזעליקט פון גאָט ב"ה, און איז אי אַ קרומער, אי אַ ליגנער, זאָל ער

---

משניות (מישנאיעס): אַ טייל פון תלמוד, וואָס דערקלערט דעם זין פון די דינים אין דער תורה. אידן האַלטן די משנה פאַר זייער הייליק און ס'איז אַ מנהג אַ גאַנץ יאָר נאָכ'ן טויט פון אַן אייגענעם, אָדער אזוי אַ חשוב'ען מענטשן, צו לערנען אלע טאָג אַ פּאָר קאַפּיטלען משניות. און נאָכדעם זאָגן קדיש.

צואה (צאַוואָע): אַן אָנזאָג פון פאַרשטאָרבענעם.

על כן (אַל קיין): דאַריבער.

ב"ה — ברוך הוא (באָרוך הו): געבענטשט זאָל ער זיין.

קומען צו דער פּראָבע. עס האָט זיך באַלד צונויפגעקליבן א מחנה פון קרומע, טייל געבוירענע, אמת־קרומע, טייל געמאַכטע, די זאַך איז ניט צוגעגאַנגען אָן קריגערײ. די געמאַכטע קרומע זיינען אָנגעפאלן אויף די אמת־קרומע און יענע האָבן אויך ניט געשוויגן: „דו, גנב, דו ממזר! — שרייט, נעבאַך, אַ קרומער פונ'ם הארצן אַרויס. — וואָס מאַכסטו זיך פאר קרום?! איך האָב דאָך דיך ערשט נעכטן געזען טאַנצן מיט מיידלאַך אויף אַ פאַרשפּיל!"

— אַ רוח אין דיין טאַטן! — ענטפערט אים יענער: טאַקע דערפאר טאַנץ איך דאָך, ווייל איך בין קרום. מיר איז גרינגער צו טאַנצן ווי גלייך צו גיין!

אין יענעם טאָג, אז מוטערס האָבן ארויסגעלאָזט די קינדער אויף דער גאס, האָבן זיי אָנגעזאָגט: „קינדערלאַך, הינקט צו אביסל! אז מען וועט אייך פרעגן, זאָלט איר זאָגן: „מיר זיינען קרומע"; אז מען וועט אייך פרעגן: „ס'איז טאָג?" זאָלט איר זאָגן „נאַכט"; — „די טאַטע־מאַמע לעבן?" זאָלט איר זאָגן „געשטאָרבן".

וואָס האָט מען נעבאַך, צו יענע מאַמעס? זיי האָבן געהאָפט אפשר וועלן זייערע קינדער ווערן יורשים! האָפן פאַר געמיינע לייט איז אַ גוטע זאַך, און קאָסט דערצו קיין געלט ניט.

און אידן פון דער קלויז, און אידן אויף דער גאס זיי־נען געגאַנגען און געהונקען. דאָס גאַנצע שטעטל האָט פּלוצ־

לונג אָנגעהויבן צו הינקען! אַפילו דער דאָקטאָר און, להבדיל, דער דין, האָבן אויך אָנגעהויבן הינקען. און ביידע האָבן זיך געלאָזט גיין איינער צום אַנדערן, און האָבן זיך באַגעגנט אויפ׳ן וועג. דער דין איז געגאַנגען בעטן דעם דאָקטאָר אַ רפואה צום לינקן פוס, וואָס איז פּלוצלונג קרום געוואָרן. . . און דער דאָקטאָר איז געגאַנגען פרעגן דעם דין, אויב הינקען טאָר מען אויך ניט מער ווי אַ תחום שבת.

נאָר ניט אין הינקען אַליין איז געווען געווענדט! דער עיקר איז אַ ליגן זאָגן. די אַפּיטרופּסים האָבן אָנגהויבן רופן די קרומע איינציקווייז. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ליגן: איינער האָט דערציילט, אַז ער האָט געזען אַ פּאָר פּאָלק איז זיך געגאַנגען גט׳ן צום רב, ווייל איר פּאָטער האָט אַ גאַנצן הונדערטער פונ׳ם נדן אָפּגעריסן, האָט דער רב געפרעגט: „וויפיל ווילט איר מיר געבן פאַר׳ן גט?“ — „פינף און צוואַנציק קערבלאַך“, — ענטפערט דער גרוש. דער רב האָט קיין סך ניט געטראַכט, ארויסגענומען פינף און זיבעציק רובל און געגעבן דעם יונגן מאַן: „נאַ, — זאָגט ער, — מיט׳ן פינף און צוואַנציקער, וואָס דער גט דאַרף קאָסטן, האָסטו שוין אַ הונדערטער נדן, און לאָז

---

דין (דאַיען): פון דעם וואָרט דין־געזעץ. איינער, וואָס משפּט. דער דין איז אַ פרומער, דער דאָקטאָר, געוויינלאַך, אַ פרייער. ביידע אַנגעזעענע מענטשן, וואָס טוען געוויינלאַך ניט די זעלבע זאַכן.

תחום שבת: אַ שטרעקע, וואָס מען מעג גיין אום שבת.

אַפּיטרופּסים: די פאַרטרעטער פון פאַרשטאָרבענעם.

גרוש (גאַרעש): דער מאַן, וואָס גט זיין ווייב.

דער מזבח ניט וויינען אויף מיין קאָפּ".

דער עולם האָט אַ שמייכל געטאָן: „נישקשה פון אַ ליגן, נאָר לאָמיר הערן אנדערע!"

איינער האָט דערציילט: ער האָט געזען צוויי מלמדים שטיין איבער איין בעל הבית און קריגן זיך. דער שרייט: „גיט אייער קינד אים אין חדר — ניט מיר! ער קאָן בעסער פאר מיר!" און יענער האָט געשריען: „גלויבט אים ניט, דעם גנב, דעם שקרן! גיט אים אייער קינד! איך פארמאָג ניט אין קאָפּ, וואָס ער אין נאָגל!" און אז בעלי-בתים האָבן געהערט זייער ערלאכקייט, האָבן זיי געכאפּט און אָפּגעגעבן דעם פּאָרל אלע אָפּגעריסענע און ניט באַצאָלטע שכר לימוד'ן. די צוויי מלמדים זיינען געוואָרן גבירים אין יענעם טאָג".

ד ע ר  ע ו ל ם  האָט פאַרקרימט די נעזער: „אַ מלמד'עשער ליגן! דערצו, וואָס דאַרף ער נאָך אריינמישן בעלי בתים אין דעם?!" אַ סך זיינען טאַקע גוט ברוגז געוואָרן. איינער האָט דערציילט: ער האָט געזען אַ אידישן סופר, וואָס לאחר מותו האָט מען אים באַגראָבן

---

מזבח (מיזבייאַד): אַלטאַר. אידן גלויבן, אַז מאַן און ווייב זיינען פון גאָט באַשטימט. צעשיידן מאַן און ווייב איז דאריבער אַ גרויסע עבירה, און ווען אַ פּאָר פאַלק, וואָס גאָט האָט צוזאמענגעבראַכט, שיידן זיך, איז גאָט'ס ארבעט חרוב געוואָרן און דער מזבח וויינט דארויף.

סופר (סויפער): שרייבער. ווערט באַנוצט פאַר איינעם, וואָס שרייבט ספרי תורה, תפילין און מזוזות.

אין אייגענע תכריכים. איינער דערציילט: ער האָט געקאָנט אַ בעל־עיסקא, וואָס האָט פאַר׳ן טויט געשיקט רופן זיינע קליענטן און האָט יעדן אָפּגעגעבן, וואָס ער האָט ביי זיי גענומען איבעריקס. איין חסרון איז נאָר געווען, וואָס דאָס פאַרמעגן האָט ניט געקלעקט. איינער דערציילט: ער האָט געזען אַן ערלאכן קאָמיסיאָנער. איינער דערציילט: ער האָט געזען אַ יונג ווייבל, וואָס האָט פיינט געהאַט צירונג מיט פוצונג. הכלל, ליגן, שקרים, וכזבים האָבן זיך געשאָטן פון אַלע זייטן, ביז צו ענדע האָט זיך דורכגעשטופּט אַ קרומער, אַן אמת־קרומער, אַ כל מום־רע.

עס איז געוואָרן שטיל. עפּעס פילט יעדער, אַז דער קרומער וועט זאָגן אַן אמת׳ן ליגן: „רבותי — הויבט ער אָן — הערט! איר זאָלט וויסן, אַז ר׳ אַנטשל דער גאָלדענער, עליו השלום, איז אַ גרויסער קבצן, אַ ווילדער דלות׳ניק געווען, און נאַרעש איז ער געווען ווי אַ קאַלב! ניין, ווי אַן ערלאכער איד!“

עס האָט זיך ארויסגעריסן אַ לאַכן פון הונדערטער מיילער: — בראַוואָ, בראַוואָ! אָט דאָס הייסט אַ ליגן! קיין גרעסערער פון דעם ליגן קאָן שוין ניט זיין! ער איז יורש!

דער קרומער איז געבליבן יורש!

נאָר אַז מען האָט גערופן די בוכהאַלטערס און מען האָט געעפנט די גרויסע ביכער, האָט מען געזען, אַז דאָס

---

בעל עיסקא: אַ פּראָצענטניק.

כל מום־רע (קאָל מום ראַ): אַלעס, וואָס האָט אַ פעלער, איז שלעכט. אַ קאַליקע איז פּויאַיק צו טאָן שלעכטס.

פארמעגן, וואָס איז געבליבן, טראָגט קוים־קוים די חובות צו באַצאָלן, מיט גאָר אַ קנאַפּער עיסקא. עס איז נאָך גע־בליבן עפּעס אַ בינטל געלט פון אָפּגעריבענע מטבעות, און דאָס, ווייזט אויס, איז געווען נדבה־געלט. דער קרומער איז געוואָרן יורש פון דעם בינטל. דער עולם האָט זיך אָנגע־הויבן פארשעמט און פארוואונדערט אָפּצורוקן. נאָר דער קרומער האָט זיי אָפּגעשטעלט: „רבותי! — זאָגט ער, — אז עס איז שוין געקומען דערצו, אז אַ ליגן צאָלט זיך אַזוי טייער, באַצאָלט זשע מיר פאר מיין ליגן!“

— פאַר וועלכן ליגן? דו ביזט דאָך שוין באַלוינט! ביזט דער יורש פונ׳ם בינטל נדבות!

— ניין! פאר אן אלטן ליגן. די נדבות, זעט איר, קו־מען מיר סיי־ווי, ווייל זיי זיינען שוין ביי מיר אין דער האַנט. נאָר אַ ליגן האָב איך אייך שוין געזאָגט גאַנץ לאַנג.

דער קרומער האָט זיי דערציילט די מעשה פון אָנהויב.

דער עולם האָט זיך איבערגעקוקט פארוואונדערט. זיי האָבן עטלאכע מינוט געשוויגן. ווייזט אויס, זיי האָבן זיך געוואָלט איבערצייגן, צי דער קרומער נאַרט זיי ניט אָפּ. און אז זיי האָבן זיך גוט איבערצייגט, אז דער קרומער נאַרט זיי איצט ניט אָפּ — האָבן זיי אַלע מיט איין קול אַרויסגערעדט: „שקר׳ן! ווּעמען דערציילסטו?! וואָס דערציילסטו?! וואָס זשע? ביזט שוין קליגער פון אַ גאַנ־צער שטאָט?!“

— ניין, חברה! ס׳ווייזט אויס אַ משוגענער! איר זעט ניט?! טרייבט אים אַרויס!

— אַ משוגענער, בנאמנות, אַ משוגענער!...

## פראַגן

וואָס איז דער אונטערשייד צווישן הומאָר און סאַטירע? וועלכע פון די צוויי עלעמענטן איז דער שטאַר־קערער אין דער דערציילונג? פון וואָס לאַכט שטיינבערג אָפּ? וואָס זיינען די מעלות פון דער דערציילונג אַ חוץ הומאָר און סאַטירע? איז אין איר וויכטיק בלויז די מעשה אָדער אויך די מענטשן? ווי זיינען די פאַרשידענע מענטשן כאַראַקטעריזירט? איז די סאַטירע ארויסגעבראַכט בלויז דורך דער מעשה אָדער אויך דורך שפּראַך און סטיל?

# נאָך דער חתונה



עם ערשטן שבת נאָך דער חתונה איז שיינדעלע געגאַנגען מיט דער מוטער אין שול אריין, און האָט זיך שוין דעם ערשטן שבת ניט אויפגעפירט ווי א לייטעש ווייבל דאַרף זיך אויפפירן.

די מוטער טרעט איר אָן אויפ׳ן פוס: פּע, רוימט זי איר איין, א יונג ווייבל נאָך א חתונה, — וואָס איז אויף דיר פאַר א לאַכענעש? איטלאַכער קוקט דיר נאָך!"

נאָר שיינדעלע בייסט זיך די צונג, — זי וויל נישט לאַכן, זי קאָן זיך אָבער פאָרט ניט איינהאַלטן.

כאַפּט זי א קוק אַהין צו די מאַנסבילן — זעט זי דאָרט אַזוי פיל אידן מיט יאַרמעלקעס אויף די קעפּ... געוויקעלט אין טליתים... שוואַרץ־ווייס... מען שאָקלט זיך, מען מאַכט משונה׳דיקע העויות — זי שיסט אויס אין א געלכטער.

קוקט זי זיך אַרום צווישן די ווייבער, זעט זי אַלטע געקאָרטשעטע ווייבער מיט ברילן אויף די נעזער:

---

משונה׳דיקע העויות (האַוואַיעס): מאָדנע, נישט געוויינ־לאַכע מינעס, גרימאַסן און באַוועגונגען.

„ווי מיאוס זיי זיינען, צו וואָס לעבן זיי נאָך — די אלטע ווייבער — אויף דער וועלט ?“

דערזעט זי דאָרט אנטקעגן, א רביצין פעסטעט זיך, קנייטשט דעם פּנים, — עס קיצלט אין האלז, זי מוז לאכן !

ביי איינער גליטשן זיך די טרערן פון די אויגן, רינען... פארהאלטן זיך אין די קנייטשן, גייען איבער, אָפּ־אָט פאלן זיי גלייך אין מויל אריין !

„א רחמנות אויף יענער — טראכט שיינדעלע א טרויעריקן געדאַנק, כדי ווייך צו מאַכן דאָס האַרץ, און אָפּשטופּן פון זיך דעם חשק צו לאַכן — אַ גרויסן ווייטיק מוז יענע האָבן, אַז זי וויינט אַזוי“.

זי בלייבט אויף א ווײלע פאראינטערעסירט. דער שמייכל ווערט פארקילט אויפ׳ן פּנים.

די טרערן גליטשן זיך ביי יענער. פאלן, פאלן. . . עס פאלט א טרער אויף דער אונטערשטער פארקרימטער ליפּ.

שיינדעלע האלט ניט אויס. זי שיסט ארויס א געלעכטער. ווייבער קוקן זיך ארום ; די מוטער ווארפט אויף איר בייזע בליקן.

זוכט שיינדעלע ערגעץ, וואוהין אוועקצוקוקן, אבי נאָר די משונה׳דיקע ווייבער ניט צו זען. זי ווארפט אן אויג דורך דעם אָפענעם פענצטערל, ווידער אהין, צו די מאנסבילן.

ווידער זעט זי דאָרט אידן, א סך : אלטע, יונגע, צווישן אלע שיינט „ער“ ארויס... יונג, בלוט און מילך.

די קרויזן, ווי קאָן מען זיי רופן: שווארץ אָדער קאַש-טאַנאָווע?...

אויגעלאך.. זיי רוען ניט אויף איין אָרט.. אָט די ברענענדיקע אויגעלאך האָט זי אין דערהיים נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו באַטראַכטן. . . אז ער וואַרפט אויף איר אַ בליק, בויערט ער אין האַרץ. זי קאָן זיין בליק ניט אויסהאַלטן. ווען זי איז אַ כלה געוואָרן איז אויך דאָס זעלבע געווען... שטענדיק האָט זי געפילט — ער קוקט אויף איר, דעם קאָפּ האָט זי ניט געקאָנט אויפהויבן.

דאָ אין שול קאָן זי אים גוט באַטראַכטן. אַלעס פּאַסט אים אַזוי! עס זינגט אַראָפּ פון אים, נאָר דאָס בערדל וואַקסט אים צו פרי. נישקשה, אַ וועט עס אים אויסצופּן... „ציפּ-ציפּ“.

עס פאַלט אויף איר אַן אַ געלעכטער.

עס דאַכט זיך איר.. זיי זיצן ביידע ביי זיך אין „צימערל“... ער שפּאַרט אָן דעם קאָפּ ביי איר אויפ׳ן אַקסל.. זי ציפּט דאָס בערדל — „ציפּ-ציפּ“... ער כאַפּט זי פאַר דער האַנט, פאַר׳ן האַלז... עס קלינגט אַ קוש..

זי האַלט ניט אויס, זי וויל לאַכן! פע! — וואַרפט זי זיך פאָר.. אין אַ מקום-קדוש — אַזעלכע געדאַנקען?!

זי קערט אָפּ אירע בליקן פון „אים“, נאָר זי ווייסט, אַז דאָרט אין מזרח זעט „ער“ זיך אַרום פון צווישן אַלע און דאָס האַרץ קוועלט אין איר, זי פאַרקוקט זיך אויף די מאַלערייען, וואָס זיינען אויפ׳ן סופיט פון דער שול.

פויגעלאך, אָדלערס, שלענג, בוימעלאך, קעסטעלאך, פּאַסיקלאך, אָט דאָס זעט אויס ווי אַ נאָז מיט צוויי אויגן, און אַ פּנים.

---

קאַשטאַנאָווע: טונקל ברוין.

עס פּאַלט אויף איר ווידער אַן אַ געלעכטער.

אומגליקלאַך איז זי היינט. וואָס וויל פון איר האָבן דער נאַר אירער?

זי קערט זיך אָפּ פון דעם סופיט און באַגעגנט זיך ווידער מיט „זיינע" בליקן.

דאַכט זיך איר... ער זעט זי. ער שמייכעלט צו איר!

דאָס האַרץ הויבט זיך. זי קאָן זיך שוין ניט איינ־האַלטן.

עס זעצט ארויס אַן איינגעהאַלטן לאַכן. ווייבער קוקן זיך אום. די פּאַרוויינטע רביצין קנייטשט דעם שטערן.. „אי־נו"! מאַכט זי אויף איר מיט'ן פינגער.

שיינדעלע ווערט רויט. לאָזט אַראָפּ די אויגן. זי האָט שוין מורא זיי אויפצוהויבן.. טאָמער וועט זי ווי־דער עפּעס לאַכעדיקס דערזען.

גייענדיק אהיים פון דער שול, מוסר'ט זי די מוטער: „שעמען זאָלסטו זיך, דו נאַרעשע, ווילדע ציג! וואָס איז רק לאַכן און לאַכן"! און זי שעמט זיך טאַקע; נאָר וואָס איז זי שולדיק, טראַכט זי זיך, אַז גאָט־ברוך־הוא'ס וועלטל איז אַזוי לאַכעדיק און לאַכעדיק?... אפילו די שטיבער, די גאַס, די זון, די וואָלקנס אויפ'ן הימל, זיינען לאַכעדיק! אָט — לאַכט זי ווידער...

זאָגט איר די מוטער, אַז היינט איז שבת־חזון, דאָס

---

מוסר'ן: אויסריידן, זאָגן שטראָף רייד.

שבת חזון (כאַזאָן): דער שבת פאַר תשעה באב. אָט דעם שבת לייענט מען אין שול צו מפטיר דעם ערשטן קאַפּיטל פון ישעיה. דאָס קאַפּיטל הויבט זיך אָן מיט'ן וואָרט חזון, די זעאונג, די נבואה פון ישעיה, אַז ירושלים וועט חרוב ווערן. דעריבער רופט מען דעם שבת חזון, און סיי צוליב דער טרויעריקער נבואה, סיי ווייל עס איז פאַר תשעה באב, טאָר מען דעם שבת ניט זיין פריילאַך.

בית־המקדש איז חרוב, אידן זיינען אין גלות, מען טאָר ניט לאַכן.

איז זי ווידער ביי זיך ניט שולדיק אין דעם: אויף איר׳ן האָט זי געמעגט חתונה האָבן אַ סך פריער פאַר שבת־חזון דער זמן החתונה איז סיי ווי געווען נאָך אויף שבת־חנוכה.

האָט דער מחותן דעם נדן ניט איינגעלייגט! אויף אדר־שני האָט דער פאָטער זיין נדן פאַרטאָן. שבת נאָך שבועות זיינען די קליידער ניט פאַרטיק געווען. ראש־חודש תמוז איז ניט אויסגעקומען. קוים חצי־תמוז אַ פאַרשפּיל געווען.

איז געקומען צו דער חופה, הייסט מען איר זאָגן על חטא און וויינען.

„וואָס ווילן די אַלטע לייט האָבן פון איר?" זי האָט שוין דעמאָלט אויך געוואָלט לאַכן.

און אָט האָסטו דיר שבת־חזון.

זי זעט פאַר זיך ניט קיין שבת־חזון! דאַכט זיך, איטלאַכער איז אַזוי פריילאַך, אַזוי אויפגעלייגט, גלייך עס האַלט ביי אַלעמען נאָך אַ חתונה.

צום טיש האָט זי זיך געזעצט ברוגז אויף דער מוטער.

ברוגז׳ערהייט האָט זי דערזען — אַ פליג שטעלט

---

אַדר שני (שייני): דער צווייטער אַדר. אַלע דריי יאָר איז אַן איבער יאָר. אין אַזאַ יאָר איז לויטן אידישן קאַלענ־דאַר פאַראַן דרייצן חדשים. דער איבעריקער חודש הייסט אַדר שני.

על חטא (אַל כייט): אַ תפלה אין דאַוונען פון יום כפור. אין דער תפלה ווערן אויסגערעכנט אַלע זינד, וואָס דער מענטש איז באַגאַנגען. עס איז אַ מנהג די כלה זאָל פאַר דער חופה זאָגן אָט די תפלה.

זיך ביי דער מוטער פונקט אויף דער נאָז. . . זי האלט ניט אוים. זי האָט זיך צעלאכט!

נאָכ׳ן עסן האָט זיך די מוטער אוועקגעזעצט ביים פענצטער מיטן טייטש-חומש אויפן פאדאליק און צוגע-רופן שיינדעלען צו זיך.

„אָט, קום אהער, דו ווילדע ציג, וועל איך דיר לייע-נען אביסל פון די קינות, וועסטו ניט לאכן אזוי פיל. מיינסט — זי קאָן שוין זיין א ווייבל? — פארקלאָגט זי די טאָכטער פאר׳ן יונגן מאָן: אסור, חזיר! זי זיצט אין שול טאקע נאָר ווי א ווילדע ציג!"

די מוטער הויבט אָן לייענען. זי לייענט פון חורבן בית המקדש, פון די עשרה הרוגי מלכות און ווייטער.

שיינדעלע פאַלט ארויף מיט די הענט אויפ׳ן טייטש-חומש:

— ניין, מאַמע! דאָס לייען מיר איצט ניט: אָט —

---

טייטש-חומש: א בוך מעשיות פון חומש, אויף אידיש, געמאכט פאר פרויען, וואס פלעגן ניט לערנען קיין העבריי-איש, זיי זאָלן אויך וויסן וואס עס שטייט אין דער תורה. אמאָל האָט מען אידיש גערופן עברי-טייטש אדער אידיש-טייטש, דערפאר רופט מען חומש אויף אידיש — טייטש חומש.

פאדאליק: דער טייל פון קלייד איבער׳ן שוים.

קינות: קלאָג-לידער. פאעזיע, אין וועלכער די מחברים באוויינען די אומגליקן פון אידישן פאָלק. קינות זאָגט מען תשעה באב.

עשרה הרוגי מלכות: צען וואָס זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרן אויפן באַפעל פון קעניג. עס דערציילט זיך, אז אין דער צייט, ווען די רוימער האָבן באהערשט ארץ ישראל און האָבן ארויסגעגעבן שווערע גזרות אויף אידן זיינען צען פון די גרעסטע אידישע געלערנטע געפונען געוואָרן שולדיק אין ניט אויספירן די באַפעלן פון קעניג. מ׳האָט זיי געטויט דורך מורא׳דיקע מיתות און זיי זיינען געשטארבן מארטירער. די געשיכטע פון זייער מארטירערטום ווערט געלייענט יום כפור און תשעה באב.

**לייען מיר בעסער יענע מגילה, וואָס האָסט שבועות געַ־
לייענט... ווי הייסט זי ? יענע, וואָס האָט חתונה געהאָט...
רות. . . יאָ. . . „רות" לייען מיר אביסל ! . . .**

---

רות : איינער פון די ביכער פון תנך. די מגילה רופט זיך אויפן נאָמען פון דער העלדין, א טאָכטער פון מואב, וועלכע האָט חתונה געהאט מיט א זון פון יהודה און נאָך איר מאַנס טויט איז זי ניט אוועק צו איר פאָלק, נאָר געבליבן געטריי איר מאַנס משפחה און גלויבן.



## פראגן.

פארוואס האט שיינדעלע געהאלטן אין איין לאכן?
איז טאקע אלעס, וואס זי האט געזען, געווען אזוי קאמיש?
ווי האט איר אויסגעזען די וועלט און אלעס ארום איר?
פארוואס? פארוואס האט זי ניט געוואלט די מוטער זאל פאר
איר לייענען מעשות פון חורבן נאר מגילת רות?

# פון דאס ניי געלעבט



עקב-יוסי מיט ביילען האבןביידע ביז אונטער די פערציקסטע יארן אוועק־געפטר'ט דאס לעבן, יעדער אויף א באזונדערן וועג און מיט א באזונדער פעקל צרות.

צו 18 יאר האט מען יעקב-יוסין מיט צפרהן צו דער חופה געפירט. א גוטן זכות זאל זי טראגן פאר אלע לע־בעדיקע. אודאי, ווען ס'זאל געווען זיין אין גאנצן אויף זיין דעה, וואלט ער אפשר ניט געגאנגען צו דער חופה, איז אבער דעמאלט נאך קיין מאדע ניט געווען — אנפרעגן זיך ביי די קינדער.

באלד נאך דער חופה האט זי אנגעהויבן קרענקען.

נישט געהאט וואס צו זאגן דארויף: אין זיין משך — איז'ם זיין מזל.

איז אוועקגעגאנגען א פאר יאר אין קריג: די שוויגער, — זיין מוטער הייסט עס, — האט געדרונגען, אז זי מאכט זיך גאר קראנק.

זי האט זיך אבער אזוי פארקרענקט, אז מען האט געמוזט צום גלויבן קומען.

---

אין זיין משך (מעשער): אין זיין צייט. ווען זי איז גע־ווען זיינע.

האט זיך אנגעהויבן א נייער קריג: די מוטער האט געארבעט אויף גט.

דערוויל איז אבער געשלאגן געווארן די פרנסה זיינען און די מוטער האט זיך אפגעלאזט פון גט.

נאר ווי די פרנסה פלעגט זיך עפעס פארבעסערן, פלעגט די מוטער, עליה השלום, ווידער אנהויבן ארבעטן אויף גט.

די וועלט האט אויף דעם יונגן ווייבל אנגעהויבן שטארק רחמנות האבן. אלע האבן זי באדויערט אין איר אומגליק.

אזוי איז אוועק פיל צייט אין צרות און מחלוקת'ן, ביז די מוטער איז געשטארבן און דער גט איז פארגעסן געווארן.

דאן האט די וועלט אויף אים אנגעהויבן רחמנות האבן.

און יארן רוקן זיך. יארן גייען אוועק אויף אפטייק, שפרעכערס און שפרעכערקעס און להבדיל צדיקים.

יעקב יוסי געדענקט פאר זיך ניט קיין פריילאכן דאנערשטיק, קיין אויפגעלייגטן שבת. פרנסה, פארקערט ניט צו פארזינדיקן. נאר וואס פאר א תענוג איז עס. אומשטיינס געזאגט, אז די פארדינסטן פלעגן דארפן אוועקגיין נאר אויף רעצעפטן.

שטענדיק, ווען יעקב-יוסי קומט אין שטוב אריין, געפינט ער זיין ווייב קרעכצן אין בעט.

די קרעכצן פלעגן אים נאכגיין, ווי א ווידער־קול

---

עליה השלום (אלעהא האשאלעם): פריד צו איר. אז אויסדרוק, וואס מען נוצט ביים דערמאנען דעם נאמען פון איינעם, וואס איז שוין טויט.

אין קלויז און אין דער גאַס, און וואו ער איז נאָר ערגעץ געווען.

און אזוי איז ער געוואוינט געוואָרן ביז ס'האָבן זיך אָפּגערוקט די צען יאָר. דאן איז געוואָרן א שאלה וועגן קינדער, און גוטע אידן האָבן געהייסן זיך גט'ן.

איז אָבער איר פאָטער געפאָרן צו די גוטע אידן, — האָבן זיי געהייסן נאָך וואַרטן.

געוואַרט און ווידער געפאָרן; געקומען און ווידער געוואַרט.

אזוי האָבן זיך אָפּגערוקט נאָך עטלאכע יאָר, ביז זי האָט זיך אויפגעהויבן און געשטאָרבן.

אודאי, ווען ס'זאָל געווען זיין אין גאַנצן אויף זיין דעה, וואָלט ער איר ניט געהייסן שטאַרבן. ער איז שוין ווי צוגעוואוינט געווען.

געבליבן איז ער אָן גאָר ניט. שווער איז אים זיך פאָרצושטעלן, אז א שאָק מיט יאָרן איז אזוי אויף אים איבערגעגאַנגען.

אליין דרייט ער זיך ארום אין זיינע ברייטע פיר ווינקעלאך.

אז ער רעדט עפּעס א וואָרט, דאכט זיך אים, — א ווידער־קול גייט ארום אין שטוב.

אז ער הויבט אויף די אויגן, און קוקט זיך ארום, דאכט זיך אים די שטוב איז גרויס ווי א וואלד.

ער גלעט זיך די לאנגע באָרד און טראַגט דעם שפּיץ צו פאר די אויגן.

„שוין ניט קיין יונגערמאַן" — שאָקלט ער אָפּ.

---

ביילע האָט אָפּגעלעבט אויף איר שטייגער.

זי איז אויך צו דער חופה געגאַנגען — ניט ווייל זי האָט געוואָלט גיין, נאָר ווייל מ'האָט זי געפירט. איר האָט טאַקע ניט געפּאַסט צו זאָגן א דעה, ווייל זי איז נאָך גאָר יונג געווען.

פרי חתונה געהאַט, פרי אָנגעהויבן קינדלען, פרי אַן אלמנה געבליבן.

באַוויינט האָט זי דעם מאַן, ווי מען דאַרף באַוויינען אַ טויטן. . .

און אַז זי האָט זיך דערמאָנט אָן איר אָפּגעלעבטער יוגנט, פלעגט זי אַ גענעץ טאָן.

שיין איז זי נאָך געווען. נאָר זי האָט זיך געפּאַסט, זי וויל אירע קינדער פאַר קיין שטיף־קינדער ניט מאַכן. געגוג וואָס זיי זיינען יתומים.

און האָט גענומען אויפציען די קינדער.

אַז זי האָט חתונה געמאַכט אָדער ווי עס איז פאַר־זאָרגט אירע קינדער, האָט זי נאָך גאָר ווייניק קנייטשן געהאַט אויפ'ן שטערן.

און יעקב־יוסי האָט נאָך גאָר ווייניק גרויע האָר אין דער באָרד.

נאָר זי טראָגט שוין ניט קיין פּאַריק.

און ער רויכערט שוין פון אַ ליולקע.

שדכנים איז דאָס ווי אויף להכעיס ניט איינגעפאַלן.

„זיי" איז עס אודאי אויפ'ן געדאַנק ניט געקומען.

ערשט העט שפּעטער, ווען מ'האָט ביי גדליה מלמד

פּאַריק: אַ שייטל פרעמדע האָר אויפן קאָפּ. ווייבער פלעגן אָפּשערן זייערע האָר פאַר דער חופּה און כדי ניט אויסצוזען אַלט פלעגן זיי טראָגן אַ שייטל. אַ פּאַריק. אָבער ווען זיי זיי־נען אַלט געוואָרן. האָבן זיי דאָס אויפגעהערט טראָגן, פאַרדע־קענדיק דעם קאָפּ מיט אַ פאַטשיילע.

צוגענומען דעם חדר און די גדלי'כע האָט געמוזט ווערן
אַ שדכנ'טע, איז זי גלייך געפאלן דארויף.

ניט אומזיסט זאָגט די וועלט — אַ געמאַכטער „כשוף־
מאַכער".

אין אָנהויב, אז גדליה האָט מיט יעקב־יוסי'ן אַ שמועס
געטאָן מכח דעם ענין, האָט יענער געמיינט — ער מאַכט
פון אים חוזק, אז ער האָט געזען — דער מלמד מיינט עס
ערנסט, האָט ער זיך פארשעמט.

„ס'איז שוין נאָך די יאָרן" — האָט ער אים געענט־
פערט, און איינגעשטעקט די אויגן אין פּאָדלאָגע.

נאָר גדליה האָט געדרונגן, אז מחמת ער שעמט זיך,
איז א סימן טוב, אז ס'איז נאָך ניט „נאָך די יאָרן".

ביילע, ווידער, ווען די מלמד'קע האָט איר געזאָגט
דעם גלייכן איינפאל, האָט זי פּשוט אויף איר אויסגעשאָטן
א ירגזון: „וואָס איז דיר איינגעפאלן, אוים אלטע אלמנות
חוזק צו מאַכן?"

ביים צווייטן מאָל, האָט ביילע איר ווייטער אויסגע־
וואָרפן: אַן עולה, אַן עזות פון אַ אידענע צו ריידן
אזוי פון א לייטעשן אידן ווי ר' יעקב יוסי!"

נאָכ'ן דריטן מאָל האָבן זיי זיך ביידע, יעקב יוסי
און ביילע — יעדער ביי זיך פארטראכט.

צו קלערן אין דער זאַך איז דאָ ניט געווען וואָס:
ניט פרעמד זיינען זיי געווען. זיי האָבן זיך געקאָנט נאָך
פון לאַנג־לאַנג, פון די קינדער־יאָרן.

---

ירגזון: אַן אויסגוס פון כעס.
עולה (אוולע): אומרעכט.
עזות (אַזעס): חוצפה, געוואַגטקייט.

אין שכנות זיינען זייערע עלטערן געזעסן.

אן אנדער זון, אנדערע שטערן, און — אן אנדער הימל זיינען דענסמאָל געווען!

— „עט, נאַרעשע יאָרן! אַ קינדער־שפּיל — און ניט מער!"

ניט איין מאָל האָט זי זיך פאַרקילט, שטייענדיק אין אַ ווינטערדיקן אָוונט אין דרויסן, וואַרטנדיק צו זען יעקב־יוסקין אהיימגיין פונ׳ם חדר.

ניט איין מאָל האָט יעקב־יוסי געכאַפּט פּעטש פון רבי׳ן, ווען ער האָט אים פלוצלונג אַ פרעג געטאָן: „וואו האַלט מען אין רש"י?" און ער האָט זיך פונקט דעמאָלט פאַרטראַכט וועגן ביילעטשקען.

געוואוסט, — האָט זי ניט געוואוסט פון זיינע געדאַנקען, ניט ער — פון אירע, זיי האָבן קיינמאָל מיט אַן אנדער ניט גערעדט. געזען האָבן זיי זיך נאָר.

און געזען האָבן זיי אַ סך.

און געטראַכט נאָך מער.

קיינעם האָבן זיי ניט דערציילט. טאַמער האָט יעקב־יוסי אַמאָל אָנגעשריבן אויפן פאַרשוויצטן פענצטער: „ביילעטשקע", האָט ער באַלד געכאַפּט און אָפּגעמעקט.

און אַז זיי זיינען אונטערגעוואַקסן. . .

נאָר דעמאָלס איז זי דאָך שוין געווען אַ מאַמע, און

---

רש"י (ראשי): רב שלמה יצחקי. דער נאָמען פון אַ אידישן געלערטן, וואָס האָט געלעבט אין פראַנקרייך אין די יאָרן 1040 ביז 1105 און האָט אָנגעשריבן אַ קאָמענטאַר אויף תנך און גמרא. דער קאָמענטאַר רופט זיך רשי, אויפן נאָמען פון מחבר.

פאַרשוויצטע פענצטער: אַ פענצטער, וואָס איז נאַס פון דער פּאַרע, דער וואַרעמקייט פון שטוב.

ער האָט שוין געטראָגן א מ י ל ש ט י י ן אויפ'ן האַלז.

איינמאָל נאָר, געדענקט זיך אים, אין דער יוגנט. . . שיער-שיער האָט ער זיך ארויסגעגעבן.

חמשה עשר איז עס געווען.

היבש איז אים געפאלן אויף זיין חלק אין חדר. א טעות איז געשען אפנים ביי דער חלוקה. באַקסער איז ער מיד געוואָרן קייענדיג. נאָר דער טייטל. . . א גאַנצער טייטל איז אים געפאלן, אים האָט באַנק געטאָן דעם טייטל אָנצוהויבן. עס איז דאָך ניט מער ווי א טייטל! אזוי ווי ער הויבט אים נאָר אָן — אזוי איז שוין גאָך אים! איז אָן עק ביז איבעראיאָר!

ער איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס הויז, וואו ביילע'ס על-טערן וואוינען. ער האָט געזען ווי אירע עלטערן, פאַרפוצט, יום-טוב'דיק געקליידט, לאָזן זיך אין וועג אריין. פאַר-שטאַנען האָט ער, אז דאָס גייען זיי, אפנים, אויף א חתונה.

פלוצלונג פאַלט אים איין, אז ביילע איז איינע אליין געבליבן.

וואָס איז אים דעמאָלט געווען אזוינס?

עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אז קוים גייט ער אריין

---

א מילשטיין: דער שטיין אין א מיל, וואָס צעמאָלט די קערנער. דאָ א פרוי. ווי איינער. וואָס טראָגט א מילשטיין אויפן האַלז, קען זיך ניט באַוועגן פריי. אזוי אויך איינער. וואָס האָט א פאַמיליע.

חמשה עשר: פופצן. יעדעסמאָל, וואָס דער אויסדרוק ווערט באַנוצט אָן ווייטערע דערקלערונגן, איז געמיינט חמשה עשר בשבט. ווען עס ווערט געפייערט דער ראש השנה פון די ביימער.

חלוקה: צעטיילונג. אַלע קינדער פלעגן ברענגען חמשה עשר אויבס אין חדר אריין. מען האָט עס צוזאמענגעמישט און דאַן צעטיילט צווישן די קינדער. יעדן א חלק.

ווען ער קאָנען גלייך אַרויסנעמען דעם טייטל און איר געבן.

אַז ער איז אַריינגעקומען, האָט ער ערשט דערפילט זיין טעות. ער האָט ניט געקאָנט מער ווי איינמאָל אויפ־הויבן די אויגן אויף איר און זען, ווי זי שטייט אין אַ ווינקל צעטויפגעקאַרטשעט, העלעש רויט, און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

אים איז שווער געוואָרן דאָס שטיין, דאָס שווייגן, דאָס קלינגען אין די אויערן, דאָס ציטערן פון די קני. ער האָט אַנידערגעלייגט דעם טייטל אויפ׳ן טיש און — אַרויס אין דרויסן.

אַ צייט נאָכדעם האָט ער זיך געשעמט צו באַגעגענען זיך מיט איר.

און שפּעטער...

נאָר דערמאָלט איז ער שוין געווען מיט אַ מילשטיין אויפ׳ן האַלז, און זי האָט געטראָגן אַ פּאַריק.

ווען ער דערמאָנט זיך אַצינד אָן דעם, ווערט אים אָנ־גענעם, שטעכנדיק אַנגענעם: עס ווייזט זיך אים אויס — יענע זון שיינט, יענער הימל מיט יענע שטערן, יענע חלומות. נאָר... די בושה, דער צער פון בושה!...

עפּעס אַן אַנדער מין בושה, ווי יענע. עס ווערט נאָך איר קאַלט.

„ער" טראָגט צו די באָרד צו די אויגן, און „זי" — ציילט די קנייטשן אויפ׳ן פּנים.

---

די זאַך איז צוגעשטאַנען. יעקב־יוסי האָט אַלץ אָפּ־געלייגט פון חודש צו חודש. ער האָט געוואָלט טרעפן אויף אַזאַ צייט, ווען קיין בחור׳שע חתונות זיינען זיך ניט נוהג.

טבת איז׳ם אים געפאלן — נאָכ׳ן צווייטן קווארטל.

און — גאָר ניט. . .

שטילערהייט קרעכצן זיי ביחידות אויף די זאכן, וואָס געפאלן אין רבונו של עולם׳ס וועלט — ניט אין דער צייט. נאָר איינער דעם אנדערן זאָגט עס ניט.

מען שעמט זיך.

דעם קידוש שטעלט ער אַוועק אויפ׳ן טיש, וואַרפט אַן אויג אויף איר — נעמט זי שוין אליין דעם כוס.

צום מאָל, פארקערט, ווייזט זיך יעקב־יוסין אוים, אז אין האַרצן ביי אים האָט זיך געעפנט אַ ווינקל, פון וואַנען דאָס לעבן האָט נאָך ביז אַהער ניט גערירט. נאָר עפּעס פעלט. . . עס פעלט אזוינס, וואָס ער ווייסט עס ניט ווי אָנצורופן.

און אפשר־פאַרקערט: אפשר איז עפּעס דאָ צופיל. . . איבעריקס!. . .

איבעריקע האָר אין דער באָרד, איבעריקע חשבונות אין קאָפּ, איבעריקע בושה. . .

---

חמשה עשר ווערט פיר וואָכן פון דער שטילער חופּה.

יעקב־יוסי איז דורכגעגאַנגען דורך אַ באָקאַליי־קראָם און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

פּירות וויל ער קויפן, נאָר ער שעמט זיך אריינגיין.

ער וויל זיך דערמאָנען, ווי האָט ער זיך פאַראַיאָרן נוהג גווען?

פאַראַיאָרן האָט ער ניט געקויפט; נאָר פאר צוויי יאָרן. . . מן הסתם האָט ער געקויפט.

עס דאַכט זיך אים—ער דערמאָנט זיך מיט סימנים— "זיכער געקויפט!" ער איז אריינגעגאַנגען.

טייטלען האָט ער געקויפט מער ווי אַלצדינג.

אז ער וועט אריינקומען, — האָט ער ביי זיך שוין אָפּגעשטעלט, — וועט ער גלייך זאָגן:

„קום אהער, מיין ווייב, נענטער צו מיר, מיר וועלן עסן פּירות!“

און אז ער וועט וועלן, וועט ער זאָגן עפּעס נאָך מער, ווי — „מיין ווייב“, וואָס? אין זיינע פיר ווינקעלאך! צו וועמען האָט ער?

און. . . ער וועט זי דערמאָנען אָן יענעם טייטל. . . פרעגן וועט ער זי, וואָס איז געווען דער סוף — נאָך זיין ארויסגיין?

נאָר אז ער איז אהיימגעקומען, איז אויף אים ווידער אָנגעפאלן יענע בושה, וועלכע מאַכט אים קאַלט און שטום.

---

## פראַגן

וואָס פאַר אַ לעבן האָט יעקב יוסי געהאַט מיט זיין ערשטער פרוי? ווי אַזוי האָט ביילע געלעבט? וועלכע דעראינערונגען האָט ביי ביידן ארויסגערופן דער געדאַנק זיי זאָלן ווערן מאַן און ווייב? ווי שילדערט דער מחבר די ליבע צווישן יעקב-יוסי און ביילע ווען זיי זיינען קינדער געווען? פאַרוואָס האָט יעקב יוסי געקויפט דוקא טייטלען? זיינען יעקב יוסי און ביילע פאַלשטענדיק גליקלאַך? וואָס שטערט זייער גליק?

# פאַרשפּעטיקט דעם קדיש



ערן איז שוין דער יונגער מלמד הירשל געוועזן, אַז דאָס קליינע פאָלק זיינס זאָל זיך צונויפקלייבן מיט די פּיילן-בויגנס, מיט׳ן „פּראָוויאַנט“ און אַרויסגיין אויפ׳ן באַרג סיני. קיין ארץ ישראל אפילו זאָלן זיי זיך גיין, אַבי ער זאָל פון זיי פּטור ווערן! אליין וויל ער בלייבן, איינער אליין אין זיינע פיר ווינ־קעלאַך.

גוט, וואָס ער האָט אַ באַהעלפער: ער וועט פאַר־שפּאָרן זיי נאָכצוגיין. זאָט איז ער פון זיי אַ גאַנץ יאָר.

אליין וויל ער בלייבן און טראַכטן.

עס ציט אים אַלץ אליין צו בלייבן און צו טראַכטן; קוקן אויף די פיר ווענט און שווייגן.

כאָטש דאָס איז ניט זיין טבע: ליב האָט ער תמיד

---

קדיש (קאַדיש): אַ תפלה אין אַראַמייאיש, וואָס ווערט געזאָגט פאַר דער נשמה פון טויטן. די תפלה ווערט געזאָגט דאָס ערשטע יאָר אַלע טאָג, צו שחרית, מנחה און מעריב, און נאָכדעם אַלע יאָר אין דעם טאָג ווען דער מענטש איז געשטאָרבן. קדיש דאַרף זאָגן דער זון פון פאַרשטאָרבענעם, דערפאַר רופט מען אַ זון אַ קדיש.

אַרויסגיין אויפ׳ן באַרג סיני: אַרויסגיין אין פעלד אָדער וואַלד פייערן ל״ג בעומר.

**אַ באַהעלפער: אַן אַרויסהעלפער ביי אַ מלמד.**

קינדער; ווען ער איז נאָך געווען אַ באַהעלפער, פלעגט ער זיך תמיד געפינען צווישן די קינדער. ליב געהאַט אַמאָל אפילו אַ שפּיל צו טאָן מיט זיי אינאיינעם.

נאָכדעם, אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט רייזעלען, און האָט זיך אַליין געעפנט אַ חדר, האָט ער עס געטאָן גלאַט, ווי אַ סגולה צו פרנסה: וואָס מער השגחה ער וועט געבן אויף די קינדער, מער וועלן אים די בעלי־בתּים גע־טרויען קינדער אויף זיין האַנט.

נאָר שוין מער פון אַ האַלב יאָר, זינט רייזעלע איז גע־שטאָרבן, — איז ער אינגאַנצן ווי איבערגעביטן געוואָרן. נמאס איז אים אַלצדינג. ער איז זיך אַליין נמאס. די זון האָט זיך אים געזעצט ביים אויפגיין.

ניט געגלויבט האָט ער קיינמאָל, אַז אַזוינס קאָן גע־שען, אַז זיין רייזעלע קאָן פּלוצלונג אין אַ טאָג נעמען און שטאַרבן.

דערפאַר טאַקע אין יום־המיתה האָט ער קיין טרער ניט געלאָזט. אויסגעשטעלט נאָר האָט ער די אויגן און געקוקט ווי די שמשים זיינען זיך מטפל מיט איר און ווי מען כאַפּט זי אַוועק. געוואונדערט האָט ער זיך צו יעדן מיט אויסגעשפּאַנטע אויגן:

„וואָס הייסט עס!? סטייטש, וואָס הייסט דאָס!?"

אַ ביטער רעטעניש איז דאָס אים.

נאָך שבעה... נאָך שלשים... און וואָס מער אַ טאָג עס גייט אַוועק, אַלץ מער וויינט ער.

---

השגחה (האַשגאָכע): השגחה געבן — אויפפּאַסן.

שבעה (שיווע): זיבן. די ערשטע זיבן טעג נאָך קבורת המת.

שלשים (שלוישים): דרייסיק. די ערשטע דרייסיק טעג נאָך קבורת המת. אי שבעה אי שלשים זיינען טרויער טעג.

גוט וואָס דער הערבסט האָט אים באַלד פאַרכאַפּט, פאַרמאַכט האָט ער זיך אין זיינע פיר ווינקעלאַך — און טראַכט און טראַכט.

ער טראַכט, אַז רייזעלע איז באמת געשטאָרבן, אַז דאָס איז ניט קיין חלום געווען.

ער טראַכט, אַז גוט וואָלט געווען, ווען ער זאָל אַנ־שלאָפן ווערן. שלאָפן, שלאָפן און זיך אויפכאַפּן פּונקט אין יום המיתה זיינעם.

און ער טראַכט, וואָס וואָלט געווען ווען רייזעלע זאָל ניט געווען שטאַרבן.

דאָס האַרץ ברייט זיך פון די מחשבות, נאָר ער לאָזט זיך אריין אין זיי וואָס מער, וואָס טיפער. ער קאָן זיך פון זיי ניט אָפּרייסן.

עס גייט אים ניט אָן, וואָס אין דרויסן האָט זיך שוין אויסגעלייגט אַ טיפער שניי; בייזע ווינטן הוליען איבער די גאַסן, און די טעג ווערן אַלץ איינגעשרומפּן: סיי ווי פאַרשטייט ער ניט נאָך וואָס שיינט די זון? צו וואָס איז די גאַנצע שפּיל? טאָג־נאַכט — נאַכט־טאָג — וואָס ווערט דען דערפון?

ער לערנט מיט די קינדער נאָר דערפאַר, ווייל זיי קומען זיך צונויף; ער גייט עסן נאָר דערפאַר, ווייל די מוטער וואוינט נאָענט און די שוועסטער קומט אים רופן צוויי מאָל אין טאָג צום טיש.

שוועער קומט אים אָן דאָס „קדיש־זאָגן" אין דער פרי און אויף דער נאַכט. (קיין קדיש האָט זי אפילו ניט גע־לאָזט). קריכן דאַרף ער אין שניי, גייענדיק אין קלויז אריין, און ער איז ניט געוווינט אָנגעטאָן דערצו. נאָר וואָס שווערער ס'איז אים, אַלץ צופרידענער בלייבט ער. מיט'ן

קדיש, דאכט זיך אים, שיקט ער רייזעלען א גרוס. ער רעדט מיט איר פנים אל פנים.

שפעטער האָט זיך אים אָנגעהויבן אויסווייזן, אז ער דערקאָנט אין נוסח פונ׳ם קדיש, ווי אזוי רייזעלע איז אַצינד אין גן עדן: פריילאך אָדער אומעטיק.

פריילאכער פלעגט אים דער קדיש גיין, ווען די נאָמ־קייט מיט דער קעלט פלעגן אים דורכנעמען.

אים האָט זיך אליץ אויסגעוויזן, אז א גרויסן חטא באַגייט ער אנטקעגן רייזעלען דערמיט, וואָס ער לעבט נאָך. אָפּקומען וויל ער אליץ דעם חטא.

און קינדער קומען, דער באַהעלפער לערנט, דער באַ־העלפער הייסט ברענגען געלט, קינדער ברענגען. גערן איז הירשל, זיי זאָלן זיך שוין צעגיין, און אים לאָזן אליין.

טראַכטן וויל ער.

א געטרייען באַהעלפער האָט ער ; ער לאָזט אים ניט. הירשל רעכנט אזוי שוין אָפּצושטופן דאָס ביסל יאָרן מיט דעם באַהעלפער.

און דער זמן האָט זיך געענדיקט. דער באַהעלפער האָט אָנגעקליבן נייע תלמידים. תלמידים קומען. הירשל לערנט דערווייל ביז מנחה־צייט צום „קדיש־זאָגן".

און אַז ער עסט אָפּ וועטשערע, לייגט ער זיך דער־ווייל אין בעט, ביז צום שחרית׳דיקן קדיש זאָגן.

גערן איז ער געווען היינט אָפּצו׳פּטר׳ן די קליינע שרייערלאך, צו פריילאך זיינען זיי היינט. גיין זאָלן זיי זיך און אים לאָזן טראַכטן.

טראַכטן וויל ער, וואָס וואָלט געווען, ווען רייזעלע לעבט נאָך און זיצט אָט דאָ נעבן אים?

---

נוסח (גוסאַד) : סטיל. ניגון.

טראכטן וויל ער, וואָס טוט רייזעלע'ס נשמה אצינד? בענקט אַ נשמה? ליידעט זי פון אומעט, פון מחשבות?

און ער וויל וויסן, וואָס איז דער תכלית פון גאַנצן? נאָך וואָס שיינט אַזוי די זון? גלאַט לעבן כדי דערנאָך צו שטאַרבן און איבערלאָזן האַרצווייטיק?

שווער איז אים היינט מער ווי תמיד: דער קאָפּ טוט אים וויי. אַנטקעגן פענצטער איז ער געזעסן—האָט אים די זון, אַפּנים, צוגעברענט.

ער האָט גאָר ניט באַמערקט ביז היינט, אַז אין דרויסן שיינט אַזאַ הייסע זון.

עס פאַלט אים איין אַ געדאַנק: צו רייזעלע'ן אויפ'ן קבר וועט ער זיך דורכגיין. די מצבה וועט ער אַנקוקן. די אויפשריפט וועט ער נאָכאַמאָל לייענען.

ביז צו מנחה וועט ער נאָך קענען זיין צוריק.

און אפשר וועט ער געפינען אַרום איר קבר ליידיק פלאַץ, וועט ער טראַכטן וועגן אַ שטיבל איבערן קבר אויפשטעלן.

אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד, איז ער אַרומגעגאַנגען מיט גרויסע טריט. עס זעט אויס, אַז ער איז אין כעס אויף דער זון, וואָס זי קריכט אים רק אין די אויגן.

אַרויפגעגאַנגען איז ער אויפ'ן „בית-עלמין" אין איילעניש.

ער שפּאַנט איבער מצבות, קברים — ער האָט אָפּגעזוכט „זיינע".

---

מצבה (מאַצייווע): מאָנומענט. אַ שטיין, וואָס ווערט געשטעלט אויפ'ן קבר צום אנדענק פון פארשטאָרבענעם.

בית עלמין (בייס אַלמין): דאָס אייביקע הויז. דאָס אָרט, וואו מען באַגראָבט די טויטע.

אויף דער שפראך פון זיין הארצן האט ער זיך איבערגערעדט מיט איר. ער גלויבט — זי פארשטייט אים.

ער האט ארומגעקוקט דאס ארט... גרינס וואקסט ארום קבר.

מצבות... ווייסע און טונקעלע, גלייבע און געבויגענע... שווייגן ווי דער טויט. צווישן זיי וואקסט גרינס... מצבות פארשטעלן דאס גראז. דאס גראז קריכט אויף די מצבות.

פון צווישן גראז, וואס ארום „זיינערס" קבר שטייט געשטערקט א רויז און שאקלט זיך לייכט, ווי א אידישע יונגע צנועה, וואס שעמט זיך מיט איר יוגנט און שיינקייט, און ווייסט ניט וואו אהינצוטאן זיך פאר די אויגן, וואס קוקן אויף איר.

„פון וואנען זויגט די רויז?"...

עס ציט אים צו איר ניט ווילנדיק.

„קיין חידוש ניט, מען דארף וויסן — ווי וואקסט זי? פון וואנן זויגט זי?"

„עס שמעקט פון איר מיט יוגנט. עס שיינט מיט לעבן".

צוויי פארליבטע פויגעלאך זיינען פון ערגעץ אנגעפלויגן; זיך אוועקגעשטעלט אויף רייזעל׳ס מצבה און אפגעשעפטשעט עפעס א מין ליבע-ליד.

געגרילצט האט דאס הירשלען אין די אויערן.

און פון די אויערן איז׳ס געקראכן אין הארץ.

אויפ׳ן פלויט האבן זיך די פויגעלאך געשטעלט. הירשל האט זיך אומגעקערט צו זיי.

---

צנועה: באשיידענע, אומשולדיקע פרוי.
פלויט: צאם.

די פויגעלאך זיינען אוועקגעפלויגן. הירשל איז זיי נאכגעגאנגען. עס דאכט זיך אים — ער וויל נאכאמאל הערן דאס ליד וואס אויפ'ן קבר.

---

דאס ערשטע מאל וואס ער האט פארשפעטיקט דעם קדיש.

## פראַגן

וואָס פאַר אַ לעבן האָט הירש לייב געפירט מיט רייזעלען? פאַרוואָס האָט ער ניט געוויינט, ווען זי איז געשטאָרבן? וואָס ווייזט אונז אויף זיין ליבע צו רייזעלען? וואָס האָט גורם גע־ווען ער זאָל פאַרשפּעטיקן דעם קדיש? וואָס סימבאָליזירט דאָס געזאַנג פון די פייגעלאַך?



# פון שבועות ביז תשעה באב



ירשקע מלמד האָט דאָס יאָר א פריילאכן שבועות. שבועות איז ער תמיד אויפ־געלייגטער, ווי אין אלע אנדערע ימים טובים. ער האָט דערביי אַ סך טעמים: ראשית, איז שבועות ניט דאָס, וואָס פסח אָדער סוכות: יענע ימים טובים זיינען, אָן זינד גערעדט, תמיד פארשטערטע. דאָגת־פרנסה, אומשטיינס געזאָגט! תמיד געפאלן זיי אין בין הזמנים. ביזט ניט זיכער מיט׳ן שטיקל ברויט. „זיינע" רייסט זיך, מיינע שונאים, אויס דער הויט ארויס: גרייט אָן מיני קעזלאך, כרעמזלאך — דער מלכות מעג זיי עסן! א גרויסע בריה צו די זאכן! ווער שמועסט סוכות! אירע צימעסן! פון איין פרי מאַכט זי צען מאכלים! — נאָר וואָס קומט ארויס דערפון? די כרעמזלאך, מיט די אלע גוטע מאכלים, ווארגן דיך, בלייבן דיר אין האלז שטיין, אז דו דערמאָנסט זיך —

---

בין הזמנים (ביין האזמאנים): צווישן סעזאָנען. אין חדר פלעגט זיך דאָס יאָר טיילן אין צוויי סעזאָנען, זמנים. פון נאָך פסח ביז ראש השנה און פון נאָך שמחת תורה ביז פסח. פסח און סוכות זיינען דאריבער אין דער צייט צווישן איין זמן און צווייטן — בין הזמנים. חול המועד פסח און חול־המועד סוכות פלעגן די מלמדים זוכן תלמידים פאר׳ן נייעם זמן און זיין באזארגט וועגן פרנסה.

אז דאָס חדר איז נאָך ניט צונויפגעשטעלט. . . דער קרימט זיך, יענער האָט צוגעזאָגט אַ תשובה אויף די אַנדערע טעג, די איבריקע שווייגן גלאַט אַזוי. . . דעם קאָפּ נעמט'ס אַראָפּ!

שנית, איז שבועות עפּעס גלאַט פריילאַכער. די גאַנצע וועלט איז אָפן, פריי. . . עס פילט זיך עפּעס גרינגער. . . ניט פון דעם, וואָס דאָרט ערגעץ בליען בלומען, פעלדער גרינען זיך, פויגל זינגען. . . וויים איך, — נאַרעשקייטן! נו, און אַז ס'בליט און וואַקסט, וואַקסט עס דען אין זיין גאָרטן ?! אים זינגען דען די פויגל ?! עט, מעשה נערות!. . . נאָר פּשוט — זומער־לעב. . . מ'עסט ווייניקער. . . מ'האָדעוועט זיך, ווי זאָגט מען, מיט לופט!. . . נו, עסט מען ווייניקער, דאַרף מען דאָך וויניקער!... מכח הלבשה, ווידער, וואָס איז שייך צו זאָגן ? העלפט גאָט אַ בעסערן זמן, וואָלט ער אַליין געוואָלט, זיין דינה זאָל זיך מאַכן און קליידן, חס ושלום ווידער, טאָמער אַ קנאַפּער זמן — איז אויך דאָס אייגענע: גייט מען אין די אַלטע קליידער, און מען זיצט אין שטוב. צווישן זיך, געפעלט מען זיך אַזוי אויך.

נאָר דעם שבועות איז ער גאָר בגילופין. ער זיצט אין קלויז דעם ערשטן טאָג יום טוב אויף זיין דרום־שטאָט. און שלינגט דעם „פּיט“ מיט אַזאַ אַפּעטיט. . . די ווערטער האָבן דאָס יאָר גאָר אַן אַנדער חן. . . די ווערטער זיינען עפּעס איצט פאַרשטענדלאַכער, וואַרעמער. . . זיי

---

מעשה נערות (מייסע נאַרום): אינגלשע טועכצער. נאַרעשקייטן.
בגילופין: פריילאַך.
פּיט (פּאַיעט): פּאָעזיע. געוויסע טיילן פון מחזור.

גייען ארוים גלייך פונ׳ם הארצן און מיט א שטיק הארץ אין איינעם!. . . גלייך ערשט נעכטן געשטאנען אויפ׳ן בארג סיני און „געזען“ דונערן און „געהערט“ בליצן!

ער האט אויף דעם יום טוב געקאנט זיך פארגינען און מיט א קליינעם אדרויף געקויפט זיך א „מחזור“ מיט „מטה לוי“ און „בית לוי“ — אויף אויסצאלן. — „וואס פאר א נויטיקע זאך דאס איז פאר יעדן אידן!!“ — ער פארשטייט אצינד ניט, ווי אזוי האט ער זיך געקענט באגיין אן דעם ביז איצט? „דאס ענגשאפט נאר, אומשטיינס געזאגט!“

נאר דאס איז נאך ניט אין גאנצן. עס איז נאך עפעס דא וואס מאכט אים ווארעם אין הארץ, כאטש דאס ווארפט זיך ניט אזוי אין געדאנקן, און ווען עס זאל זיך ווארפן, וואלט ער עס אפגעלייקנט.

היינט, נאכ׳ן דאוונען, אז ער וועט אהיימגיין, וועט ער געפינען א מילכיקע סעודה. . . ניט אויף יוצא צו זיין,— טאקע א סעודה! מילכיקע בייגעלאך, מסתם, און ניט פון אריינגעשיקטס — אייגענס!. . . דאס יאר האט ער זיך א ציג געקויפט.

„איי, אז דער רבש״ע וועיזט דיר א גוטע מינע!“
ביי דער מוספ׳דיקער שמונה עשרה פאלט אים איין

---

מטה לוי און בית לוי: פירושים. קאמענטארן אויף די תפילות אין מחזור.

רבש״ע — רבונו של עולם: האר פון דער וועלט. גאט.

מוסף: א צוגעגעבענע תפלה צו דעם דאווענען פון יערן טאג, אלס אנדענק פון דעם עקסטרא קרבן, וואס מען פלעגט אין בית המקדש ברענגען שבתים און ימים טובים.

שמונה עשרה: אכצן. דער נאמען פון א תפלה וואס אנטהאלט אכצן ברכות.

א גוטער געדאנק:

„כ׳ל רופן מיט מיר „בענדיט-טיסמעניצער" צו דער סעודה. ער איז, נעבאך, א נע ונדניק. . . פאַרט אפילו אויף פסח זעלטן אהיים. דעם האַלבן חודש עסט ער קעסט ביי שמואל איינבינדער. א ביטערער אָרעמאַן, נעבאַך. ער האָט אודאי קיין מילכיקע סעודה ניט".

אז ער האָט זיך מער איינגעטראכט אין דער זאַך, האָט ער געפונען אז ער וואָלט געווען א כפוי טובה אקעגן דעם בורא עולם, ער זאָל׳ס ניט טאָן!

און ביי „ברכת כהנים", ווען די כהנים האָבן אויסגע־שריגן „ויחונך" — איז ביי אים פאַרטיק געוואָרן דער גע־דאַנק אויף — ניט אנדערש!

ס׳האָט אים נאָר איבערגעשלאָגן א שטיקל מרה שחורה פאַר „איר"... נאָר וואָס איז זי? ניט קיין אידישע טאָכטער דען? !... זי ווייסט ניט, אז אַלץ איז פון גאָט ברוך הוא? ! ער וועט איר דערנאָך געבן צו פאַרשטיין...

מ׳האָט אָפּגעדאַוונט. ער גייט איבער דער גאַס מיט בענדיטן — ניט אָן גדלות: אָט פירט ער אויך אַן אורח, מיט לייטן גלייך! ער דאַנקט גאָט אין געדאַנקען יעדע מינוט פאַר זיינע גרויסע חסדים, וואָס ער טוט מיט אים תמיד, און מער ווי תמיד — דעם איצטיקן זמן, און פאַר־געסט ניט דערביי צו דאַנקען זיין ליבן נאָמען פאַר איר,

---

נע ונדניק: א וואַנדערער. א היימלאָזער.
כפוי טובה: אַן אומדאַנקבאַרער.
בורא עולם: דער באַשאַפער פון דער וועלט. גאָט.
ברכת כהנים (בירכאַס קויהאַנים): דאָס בענטשן פון די כהנים. אין די וויכטיקערע ימים טובים איז א מנהג די כהנים זאָלן בענטשן דאָס פאָלק.
מרה שחורה (מוירע שכוירע): אומעטיקייט. שרעק.
גדלות (גאַדלעס): גרויסקייט. שטאָלץ.

פאַר זיין דינה׳ן: „אַן אמת׳ע עקרת הבית! צו וואָס דו שטעלסט זי, קיין עין הרע! ערשט נאָך פּסח געקויפט די ציג, און זי גיט אים שוין דעם אַנדערן מילכיקן אַנבייסן. ל״ג בעומר איז אויך אַ וואוילע סעודה געווען! חוץ וואָס ער טרינקט כמעט אַלע טאָג אַ גלעזל וואַרעמס מיט מילך חוץ די מילך, וואָס זי פאַרקויפט נאָך. מיט אַזאַ ווייב ווערט מען ניט פאַרפאַלן: ח״ו אַ שלעכטע צייט, איז זי מיט איר קאַרגשאַפט אַ האַלבע פּרנסה! אַלאַ ווידער, אַז גאָט ב״ה העלפט — קומט זי אודאי צונוץ! אַביסל אַ האַפּערדיקע. . . אַ בעל־כעסנ׳טע. . . נו, מילא, איז אויך מחמת בריה׳שאַפט. דאָך ברוך השם... פּופּצען יאָהר שוין אָפּגעלעבט מיט איר — ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!״

„שמח בחלקך בחיים יפים... עם לקוחה לך״ — פריי זיך מיט דיין טייל אין דעם שיינעם לעבן צוזאַמען מיט דער, וועלכער דו האָסט זיך גענומען — זינגט ער אין זיך אַ שטיקל פון׳ם היינטיקן פּיוט, און דערמאָנט זיך ווידער אָן דעם נייעם מחזור און די שמחת־יום־טוב איז פול אי־בער׳ן האַרץ.

אַ סעודה האָט ער געטראָפן — טאַקע אַ סעודת שלמה: אי מאַליסניק אי בייגעלאַך, דבש וחלב! איין חסרון נאָר, וואָס זי מיט די קינדער האָבן ניט געגעסן ביים טיש. נאָר וואָס איז שייך צו זאָגן? בענדיט טיסמעניצער איז ניט אַזאַ איד צו עסן מיט נשים ביי איין טיש. זי ווייסט, וואָס אַזאַ איד, ווי בענדיט, הייסט, דאַרויף איז זי

עקרת הבית (איקערעס האַבאַיעס): דער וואָרצל פון הויז. אַ גוטע בעל הבית׳טע.

ח״ו, חס ושלום (כאַס ווששאָלעם): זאָל גאָט היטן. זאָל די שעה ניט זיין.

האַפּערדיק: שטאָלץ. געוואַגט.

דאַך אַ טאָכטער ביי אַ אידן אַ תלמיד חכם.

און בענדיט איז אַ איד אַ חכם: ער האָט דערקלערט, אַז צו אַזאַ סעודה פּאַסט שוין אַ גלעזל ווייַן, און האָט אַ שיק געטאָן איינעם פון הירשעל׳ס ברעקלאַך צו שלמה־האַנצי־פייגעס — זיינער אַ בעל־הבית, אַ וויינשענקער: „זאָל ער דיר געבן אַ פלעשל פון דעם ווייַן, וואָס איך האָב געטרונקען פאַר צוויי־וואָכן, ווען כ׳האָב פאַרהערט דאָס קינד!“

דאָס האָט געדינט אין איין וועגס פאַר אַ שטיקל סימן, ווייל אַ וויינשענקער קאָן איינפאַלן: ער וויל הירשקעס קינד ניט גלויבן אָן אַ סימן.

דאָס קינד האָט זיך אביסל פאַרזאַמט. ווען ער איז נעקומען מיט׳ן ווייַן, איז שוין די שיסל אויפ׳ן טיש ליידיק געשטאַנען. „צום ווייַן וואָלט ניט שלעכט געוועזן צו פאַר־בייסן מיט אַ בייגעלע“ — טראַכט זיך הירשקע — „כ׳ל אַ פרעג טאָן! איז דאַ — איז דאַ; ניט — ניט!“

און אנשטאָט אָן ענטפער האָט מען דערלאַנגט אַ פרישן טעלער מילכיקס!

„ס׳אָן אשה צנועה, — קוועלט הירשקע אין האַרצן — אָנגעגרייט גלייך פאַר אָן עדה!“

צום בענטשן האָט אים אביסל באַנג געטאָן, וואָס ער

---

אשה צנועה: אַ באַשיידענע פרוי. אַן ערלאַכע פרוי.
עדה (איידע): פאַרזאַמלונג. אַ גרויסע צאָל מענטשן.

האט ניט גערופן נאך א אידן: ס׳וואלט געווען איצט א מזומן צום בענטשן. וויין איז נאך דא א גלעזל אויף כוס־של־ברכה. א חיוב דעם בויך אנלייגן?! יעדער אביסל וויינוקער — עסט שוין א דריטער!

אפגעבענטשט — האט בענדיט אריינגעשריען דער בעל־הבית׳טע אין קיך אריין: „א גוטן יום־טוב! דער־לעבט איבער א יאר!" עפעס נאך צוגעלייגט עטלאכע לשון קודש ווערטער, וואס נשים פארשטייען ניט. עס האט זיך ארויסגעהערט פון דארט: „גם אתם" — און בענדיט איז ארויסגעגאנגען.

הירשקע איז ארויסגעגאנגען אין קיך צו דער צופרי־דענער מאמע מיט די זאטע קינדערלאך, זינגענדיק זיך דערביי: „פוריה תפריח לך ענפים צמודים לשלחנך מקיפים", — קינדלענדיק לאזט זי צווייגן בליען ארום דיין טיש. נאר די קינדערלאך שטייען ווי אין א מיטן ארבעט... קוקן איינס אויפ׳ן אנדערן. . . די מיילאכלאך האלב אפן, גלייך זיי האלטן אין מיטן קייען... און די „קינדלינדיקע" דינה קוקט אין א זייט, שווייגט אנגעלאדן, גרייט גלייך אויסצושיסן!

שווייגנדיק איז ער, אזוי אויף שטום לשון, אויף „מאן־און־ווייב"־שפראך — הייסט עס — געוואר געווארן, אז דינה מיט די קינדער האבן זיך כמעט ניט מילכדיק גע־

---

מזומן: ווייניקסטענס דריי מענטשן וואס עסן ביי איין טיש. ווען עס איז פאראן א מזומן, זאגט מען א ספעציעלע ברכה ביים בענטשן.

כוס של ברכה (קאס שעל בראכע): דער בעכער איבער וועלכן מען מאכט די ברכה. ווען מען בענטשט מזומן בענטשט מען איבער א בעכער וויין.

גם אתם (גאם אטעם): אויך איר. דער אנגענומענער ענטפער ווען איינער ווינטשט עפעס אן.

מאכט. זי האָט דערזען אַן אורח, איז איר אַ דונער אין הארץ אריין: „סטייטש, ווען זי ווייסט, וואָלט זי זיך מער געווען אָפּגעבן. כאָטש אַ דינעם טייגל געווען אוים־געבאקן, — פּאָרט אַ פרעמדער מענטש. נאר וואָס ס׳איז שוין געווען, פארפאלן, האָט זי געוואָלט פאררעכטן מיט דעם, וואָס זי קאָן נאָך פאררעכטן: „כאָטש אַ סך דער־לאַנגען צום טיש“. זי האָט דערלאַנגט כמעט אַלץ צום טיש. פאר זיך מיט די קינדער זיינען נאָר אַ פּאָר שטיקלאָך גע־בעקס איבערגעבליבן. גלייך אָבער, ווי זי האָט זיך גענו־מען מיט די קינדער עסן, איז אָנגעקומען אַ שליח פונ׳ם טיש מיט אַ שאלה: „טאָמער איז נאָך עפּעס דאָ צום וויין“! זי האָט דאָס איבעריקע אויך דערלאַנגט... די קינדערלאַך, נעבאָך זיינען געבליבן אָן מילכיקס.

הירשקען האָט אַ קלעם געטאָן ביים הארץ: נעבאָך, וויפיל זיי האָבן זיך אָנגעווארט אויף דער סעודה! גאַנ־צע טעג האלט מען אין איין רעדן פון דער מילכיקער סעודה... יעדן פרי־מאָרגן, ווען אַ קינד האָט זיך צוואויינט, האָט געוואָלט אביסל סמעטענע, אַ שטיקל פּוטער, כאָטש אַ זופּ מילך, האָט עס געכאַפּט פון דער מוטער — באלד אַ קניפּ, באלד אַ קלאַפּ, אַ קללה: „מען דארף זאמלען אויף שבועות צו דער מילכיקער סעודה“.—און אָט האָסטו דיר אַ מילכיקע סעודה!

— אַז דו האָסט געוואוסט, אַז ס׳איז ניטאָ, ווער־זשע האָט דיר געהייסן געבן? — בייזערט זיך הירשקע.

— וואָס דען האָסטו געוואָלט, בעל־הבית מיינער, — ציט דינה ווערטער און ברענט מיט די אויגן, — אַ שווארץ פּנים מיר מאכן?! דער אורח זאָל ארויסגיין מיך באַ־

רעדן ? ! אז שוואַרצן זאָל דיר בעסער אין די אויגן, וויפיל דו וועסט לעבן, רבש״ע !

— „אשה רעה״ ! — קומט הירשקע אין כעס און וואַרפט איר ווערטער אין קאָפּ אַריין.

— „איש טוב״ — קרימט זיך אים דינה נאָך, — אורחים גלוסט זיך אים ! אַ קבצן טאָר קיין מכנים אורח ניט זיין !

— אַ קבצן בין איך ? ווי האָסטו ניט מורא פאַר גאָט ?

— אַ גביר ביזטו ? שפּילסט זיך ! מורה מורנו ; ה״ר הירשקע מלמד ! אַ גביר ! באַניט און באַקליידט ! נאָר אַ קאַץ מיט אַן אורח פעלט אים !

— „אשה עיניה צרה באורחין״ ! האָט הירשקע מיט גרויס כעס אַרויסגערעט, יעדעס וואָרט אַזוי שאַרף, גלייך מיט אַ האַמער געקלאַפּט.

דאָס איז שוין צופיל געווען פאַר דינה׳ן : וואָלט ער עס כאָטש געווען געזאָגט אויף פּראָסט אידיש, וואָלט עס אפשר ניט געווען אַזוי געשטאָכן, ניין ! האָט ער עס אָבער געזאָגט אויף דאַוונען לשון !

זי פאַרשטייט עס ניט גרינטלאַך, נאָר גענוג, וויפיל זי שטויסט זיך אָן : „אויף איר האָט מען עס נאָך צו

---

מכנים אורח : אַריינגעמער פון געסט.

מורה מורנו : אונזער לערער. אַ טיטול פאַר אַ חשוב׳ן מענטשן.

ה״ר — האדון רב : דער האַר רב.

אשה עיניה צרה באורחין (אישאַ איינעהאַ צאַראַ באָוירכין): די פרוי פאַרגינט ניט דעם גאַסט. אַ פרוי האָט פיינט געסט.

זאָגן ? ! זי האָט דעם אורח פון מויל אוועקגעגעבן !"
און א וואָרט אום א וואָרט — דאָס פּאָר פאָלק איז ווייט
פארקראָכן. מען האלט שוין ביי ווייטע חשבונות... א
שטאַרק מחלוקת. . . די קינדערלאך שטייען נעבאך — יע־
דעם אין א ווינקעלע — האלב טויט ; און די טויטע אבות
האָט מען שוין אלע פון די קברים אויפגעגראָבן, אלע
חטאים אויסגערעכנט !...

די קינדערלאך שטייען און ווייסן ניט, ווער ס׳איז
גערעכט — דער טאטע אָדער די מאמע. זיי האָבן שוין
פארגעסן אָן דער מילכיקער סעודה. זיי האָבן זיך אי
איבערגעשראָקן, אי פארשעמט : „דער טאטע מיט דער
מאמע קריגן זיך גאָר, שילטן זיך... מעג מען דען א טאטן
אָדער א מאמען שילטן ?"..

„אָנגעהויבן האָט טאקע די מאמע, — קלערט ביי זיך
בנימ׳צע דער קליינער — איז דער טאטע גערעכט געווען,
נאָר די מאַמע וויינט אָבער.. איז שוין ווידער די מאַמע גע־
רעכט"...

נאָר ער הערט מען דערמאָנט די נעמען פון די ערשט
ניט לאנג געשטאָרבענע צוויי זיידעס — באקומט ער בענ־
קענעש נאָך זיי : „ביידע געוועזן אַזוינע גוטינקע ! אלע
פרייטיק פלעגן זיי אים געבן צו גראָשענס אויף צוקער־
קעס".

און הירשקע רעכנט זיך איצט אוים און זעט ערשט,
ווי ביטער ער האָט אָפּגעלעבט מיט איר פארשריגענע
פופצן יאָר ! ממש — באַ איר אונטער׳ן קנאַפּל ! ער

---

מחלוקת (מאַכלויקעס) : קריגעריי.

האָרעוועט מיט דער לונג, און האָט ניט קיין ממשלה אויף א קאָפּיקע ניט! שוין צוויי יאָר זינט ער קלויבט זיך אלץ א נייע יארמאָלקע צו קויפן. די אלטע איז שוין חולי חלשות. נאָר פאר יעדן מאָל, אז ס׳קומט יום־טוב און ער טוט א פּיפּס: „א יארמאָלקע", שרייט זי זיך אוים און געפינט בילכערם! אָט באוועל די קינדער אויף זעקלאך! אָט א חוב אין קלייט! אָט — מיינע צרות אויף אלע שונא ציון!"

„בענדיט דער טיסמעניצער, דאכט זיך, א נעוד׳ניק, דארף מען שוין ערגער? נו, האָט ער געוואָלט — האָט ער זיך די ממשלה און שיקט נאָך אן אָקע וויין. און איך, אז איך דארף אויף טאבאק, דארף איך זיך פאר׳גנב׳נען פאר איר! ס׳אן אשה רעה!"

„כ׳האָב ניט קיין ממשלה אויף מיין אייגענער קאָפּי־קע!"

און דינה זיצט ביים פּריפּעטשיק און באוויינט דעם טאָג וואָס מען האָט איר דעם קאָפּ צוגעדעקט. א פּשוט׳ע דינסט איז זי ביי אים. נאָר א דינסט עסט זיך כאָטש אָן אויף זאט, קליידט זיך לעבן לייטן! און זי? דריי יאָר שוין טראָגט זי איין פּאָר שיך. אלע פּסח איז מיט צרות איידער זי פארריכט זיי כאָטש. א לאטע אויף א לאטע, אומשטיינס געזאָגט! שטענדיק איז אלץ דאָ בילכערם, אלץ נויטיקערס! דאָ, דירה־געלט, דאָ, אין קרעמעל, דאָ, א בלעטל, דאָ, מיינע צרות אויף שונאי ציון! א פּשוט׳ע דינסט — שוין פּופּצן פאַרוויינטע יאָר, אומשטיינס גע־

חולי חלשות (כוילע כאלאשעם): עקעלדיק. אפּגעטראָגן.
דעם קאָפּ צוגעדעקט: חתונה געמאכט.

זאגט! נאַר א דינסט — אַן געצאָלטס. כ׳האָב קיין ממשלה ניט אויף א גראָשן!"

ביידע קלאָגן זיך — זיי האָבן קיין ממשלה ניט... זיי מיינען עס ביידע ערנסט.

„פאלש... פאלש... א פאלשע אשה! און דערצו — א שלאנג!"

„פאלש.. פאלש... א פאלשער מאַן! און דערצו — אַן אכזר!"

און ברוגז זיינען זיי געוואָרן — ניט אויף איין טאָג און ניט אויף איין וואָך.

ערשט אום תשעה באב פארנאכט, ווען הירשקע האָט שוין דאָס דריטע מאָל אונטערגעשיקט פון דער קלויז דעם קליינעם בנים׳טשיקן א קוק כאַפּן, צי האָט די מאַמע ניט קיין שווערן תענית, — און בנים׳טשיק איז א פלוי־דער זאַק, ער האָט ארויסגעגעבן דעם סוד דער מאַמען — ערשט דעמאָלט האָט זיך דינה פאַרטראַכט: „ווי ער ציטערט עס אביסל איבער מיר! האלט פון מיר עולם ומלאו! אַן אויסנאַם צווישן מענער! זאָל אונז נאָר גאָט ברוך הוא אויפהויבן דאָס מזל, ווי איז מיר! א שטוב מיט קינדער, קיין עין הרע, און ער האָרעוועט נע־באַך מיט דער לונג".

און ערשט אויף דער נאַכט צום אויפפאַסטן, ווען הירשקע׳ן איז פלוצלונג עפּעס ניט גוט געוואָרן, און דינה האָט איינגעלעגט די וועלט, דעם הימל אָקאָרשט ניט איינגעריסן, — ערשט דעמאָלט האָט זיך הירשקע פאַר־טראַכט:

---

אכזר: א שלעכטער מענטש אַן רחמנות.

„ס׳רא געטרייע זאך! זיך ממש מקריב פאר מיר! אט דאָס הייסט אַן אשה כשרה! פון „אשת חיל״ ארוים!״

און אַז ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער שבועות׳דיקער סעודה, האָט ער אָפּגעקרעכצט און זיך געטראַכט דער־ביי״ „מעשה־שטן — צווישן מאַן און ווייב! קומט נאָר שמחת־יום־טוב — מישט זיך אריין א קלפה רחמנא ליצלן! ס׳פארבלענט, אומשטיינס געזאָגט, די אויגן. ערשט א צרה, אַן אומגליק, א תשעה באב״ — עפנט אויף די אויגן״!

---

אשה כשרה (אישע קשיירע): א כשרה, אַן ערלאַכע פרוי.

אשת חיל (איישעס כאַיעל): א פייאיקע פרוי. דער נאָ־מען פון א קאַפּיטל אין ספר משלה אין וועלכן עס ווערט באַזונגן דער גרויסער ווערט פון א גוטער, פייאיקער פרוי.

מעשה שטן (מייסע סאָטן): די ארבעט פון שלעכטן מלאך.

קלפה (קליפּע): נישט גוטער.

רחמנה ליצלן (ראַכמאָנע ליצלאָן): דער וואָס האָט רחמנות (גאָט) זאָל אָפּהיטן. ווען מען נוצט דאָס וואָרט קלפה אָדער אַן אַנדער שלעכט וואָרט, בעט מען באַלד גאָט זאָל אָפּהיטן דערפון.

## פראגן.

וואס פאר א געפילן האבן געבראכט הירשק'ן איינצולאדן אן אורח ? וואס פאר א געדאנקען און געפילן האט ער געהאט וועגן זיין דינה'ן ? פאר וואס האט דינה אוועקגעגעבן איר און די קינדער'ס עסן דעם אורח ? וואס האבן מאן און ווייב געטראכט איינער וועגן אנדערן ווען זיי האבן זיך צעקריגט ? ווער איז שולדיק אין זייער קריגן זיך ?

---

# דער חופה־ראָק



למה פייערבערג האָט זיך קיינמאל ניט געקאָנט פאָרשטעלן, וואָס פאר א טעם וואָלט דער יום טוב געהאט, ווען ער מיט'ן ווייב, מיט די קינדער, זאָלן לעבן, זאָלן זיך ניט באנייען מיט מלבושים: אַז ניט אַלעס, כאָטש — עפּעס, אַז ניט צוליב דעם רבונו של עולם, איז פּשוט צוליב זיך. די פאראיאָריקע מלבושים זיינען טאקע אלע גאנץ, ריין, ווי ניי; גבירישע קינדער זיינען בטבע ניט קיין רייסערס. וויפיל עס טראָגט זיך, איז קיין שפּרענ־קעלע אויף קיין מלבוש ניט צו זען — נאָר דאָך — אלט איז פאָרט ניט ניי! עס זעט גאָר אנדערש אויס דער יום־טוב, דער ערב יום־טוב, ווען צווישן אלע ארבעטן דארף מען כאפּן און שיקן צום שניידער פרעגן: „וואָס הערט זיך מיט די מלבושים"?

ווען ניט דאָס זיצן און וואַרטן אויפ'ן שניידער, ווען ניט דער איבערטראַכט, טאָמער ברענגט מען די מלבושים ניט אָפּ אויף יום־טוב, און נאָך דעם—דאָס מעסטן און פאַר־ריכטן — וואָלט דאָך אין אמתן ערב יום־טוב פון האלבן טאָג ביז ליכט־בענטשן ניט צום איבערטראָגן געוועזן פון ליידיק ארומגיין.

עס איז פאָרט גאָר אן אנדער יום־טוב, אן אנדער

---

בטבע (בטעווע): פון דער נאטור. געווענלאך.

דאווגען, ווען דו זעצסט זיך אין קלויז אויף דיין שטאָט און פילסט אויף זיך דעם תענוג פון נייע קליידער.

א האלבער „תענוג יום־טוב“! א גאנצע נשמה יתירה — זיינען ביי שלמה׳ן נייע קליידער!

דאָך האָט קרעסיע זיין ווייב קיינמאָל קיין נויט ניט געהאט אריינצושטעלן נאָך א קאסטן אין שטוב אריין. איר איז אין די אלטע קאסטענס אויך ניט ענג, ווייל עס פירט זיך א מנהג פון אלטע אידישע גבירים ביי זיי אין הויז די גאנצע צוואנציק יאָר, זינט זי האָט חתונה געהאט פאר שלמה׳ן: אלע ערב פסח ווערן אלע אלטע מלבושים אין שטוב צונויפגענומען, אויסגעטרייסלט, אויסגעגלעט און צעטיילט צו אָרעמע לייט. און דעמאָלט ערשט פלעגט שלמה׳ן מיט קרעסיען באַקומען די נייע מלבושים, וואָס זיי האָבן באַנייט. דעמאָלט ערשט פלעגט שלמה ביים באַ־נייען דאָס יום־טוב׳דיקע, ערנסט זאָגן: „ברוך מלביש ערומים“ און ביים וואָרט, „ערומים“, נאקעטע, פלעגט זיך א גליקלאַכער שמייכל צעגיסן איבער זיין פנים; א זעל־טענער שמייכל, וואָס נאָר ביי גרויסע נאַראָנים אָדער ביי גאָר גרויסע חכמים איז אזא שמייכל צו זען.

— זאָלסט דערלעבן צו צערייסן געזונטערהייט! פלעגט קרעסיע, באטראכטנדיק דאָס מלבוש, ווי עס ליגט אויף אים, אזוי אין דער לופט אריין א זאָג טאָן.

---

תענוג (טייניק): פארגעניגן. גענוס.

נשמה יתירה (נעשאמע יסיירע): אן איבריקע, א צוגע־געבענע נשמה. לויט א אידישער לעגענדע באזעצט זיך אין מענטשן אויף שבת און יום טוב א צווייטע, א יום־טוב׳דיקע נשמה.

ברוך מלביש ערומים (בארוך מאלביש ארומים): גע־בענטשט זאָל זיין דער וואָס קליידט די נאקעטע. א ברכה וואָס מען מאכט ביים אָנטאָן א ניי מלבוש.

— אַן עבירה! בעסער צעטיילן אָרעמע לייט!

— עס רעדט זיך אַזוי! — פאַרענטפערט זיך קרעסיע.

איין אויבער־ראָק נאָר איז נצול געוואָרן אין די אַלע צוואַנציק יאָר פון דער חלוקה. אַלע יאָר נעמט מען אים אַרויס. מען טרייסעלט אים אויס; מען בערשט אים אויס; און עס ווערט אַ קלעראַכטס: יאָ אַוועקגעבן, ניט אַוועקגעבן?

קרעסיע דרינגט, אַז דאָס מלבוש איז שוין לאַנג אַרויס פון דער מאָדע; נאָר שלמה קנייטשט זיך, און עס בלייבט מען זאָל עס צוריק אין קאַסטן אַראָפּלייגן.

פאַרשידענע צייטן — גוטע און גאָר גוטע, שלעכטע און גאָר שלעכטע — זיינען אויף שלמה׳ן שוין געקומען. דאָך האָט דער מנהג ניט אויפגעהערט פון שטוב, כאָטש מיט עפּעס מוז מען כאָטש איין אָרעמאַן אויף פּסח מהנה זיין; נאָר דער ראָק איז פון קאַסטן נאָך ניט אַרויס.

דער ראָק איז נאָך פון דער חתונה. אין דעם ראָק איז ער געגאַנגען מיט קרעסיען אונטער דער חופּה. שלמה האָפט אַז אין דעם ראָק וועט ער מיט קרעסיען פירן די ערשטע טאָכטער צו דער חופּה.

און דעמאָלט, פאַנטאַזירט שלמה אָפט — אַז ער וועט דערלעבן די גליקלאַכע מינוט, וועט ער זיך אַוועקזעצן מיט קרעסיען, טאַקע אין ראָק, און אַזוי שווייגנדיק וועט ער זיך אומקערן מיט איר אין דער יוגנט אַריין.

אַלע צוואַנציק יאָר וועט ער איבערגיין. ניט איינעם פון די אַלע זכרונות וועט ער ניט פאַרפעלן.

ער וועט אין די זכרונות גיין צוריק פון די לעצטע

---

נצול (ניצעל): געראַטעוועט.
מהנה (מהאַנע זיין): צופרידענשטעלן.

צו די ערשטע יאָרן, כדי דער תענוג זאָל גיין שטארקער. כאָטש וואָס צום מאָל פאלט ער אין ספק אריין: ער פילט ניט, אַז זיין פאַרבינדונג און... ווי זאָל ער עס רופן? — הארץ־פארקער — צו זיין קרעסיען זאָל אצינד קילער זיין ווי פריער, פארקערט: אים דאכט זיך אָפטמאָל, אז זי זיצט אים איצט טיפער אין האַרצן. נישטאָ די יונגע היץ, וואָס זאָל אָנצינדן דעם קאָפּ און דאָס הארץ, ס׳זאָל ארויס־רופן צופיל שבועות און פארזיכערונגען פון איינעם צום אנדערן; נאָכדעם — צופיל פאָדערונגען איינער ביים צווייטן; נאָכדעם — רוגז׳ען און פרעטענזיעס אויף עט־לאכע טעג, נאָך וועלכע עס טוט אים נאָך אויך היינט באנג! אומזיסט און דורך נארישקייטן האָט ער פאר־לוירן טעג פון לעבן! פארבראכט אין זיצעניש מיט אראָפּ־געלאָזטע קעפּ אין די ווינקעלאך...

איצט ווייסט ער ניט פון ליבע־פייער, חלומות! ער פילט „זי“ נאָר פאר זיינעם א האלבן גוף. אָן איר פאר־שטייט ער ניט, וואָס וואָלט ער געווען און צי וואָלט ער עפּעס גאָר געקענט זיין?

אין איר ווייסט ער, אז ער געפינט איצט די אייגענע קרעסיע, די יפת־תאר פון כלה־ווייז, ווען ער פלעגט קיינ־מאָל ניט קאָנען וויסן פינקטלאך, וואָס פאר א אויגן זי האָט, ווייל ווען זי פלעגט אויף אים קוקן, פלעגט ער אראָפּ־לאָזן דעם קאָפּ, און ווען ער פלעגט אויף איר ווארפן א בליק, פלעגט זי פארלירן די אויגן.

קרעסיע איז די אייגענע, נאָר גלאט די יוגנט פאר זיך צו געדענקען — שאפט אויך א באזונדער פארגעניגן.

עס איז אים אנגענעם צו גדענקען אפילו קרעסיעס

---

יפת תאר (יפאס טויאר): שיינע געשטאלט. שיינהייט.

שווער טראָגן און צו־קינד גיין: א זיסן צער שאפט עס אים אַצינד. אז קרעסיע פלעגט זיך אמאָל אָנ׳ברוגז׳ן אויף אים, פלעגט זי דעם ראָק ארויסנעמען פון קאסטן און אויפ־הענגען אין שאפע.

אלעס, אלעס ליגט אין בוזעם־קעשענע פון דעם ראָק.

ניט אומזיסט האָט זיך דער ראָק אזוי געהיט ביי אים.

ניט אייביק אָבער איז געווען גוט.

שלעכטע יאָרן זיינען געקומען אויף שלמה׳ן. א צאָרן איז אויף אים אויסגעגאָסן געוואָרן! יעדעס יאָר ווייזט זיך אלץ אוים — ער פארדינט, פארדינט, און אויפ׳ן סוף יאָר איז א לאָך! ער גייט אראָפּ פון יאָר צו יאָר. ער האלט שוין ביי פרעמד געלט.

ער האָט געכאפּט און א שידוך געטאָן מיט׳ן עלטערן קינד, כאָטש זי איז נאָך ניט קיין איבערגעוואקסענע, נאָר פשוט, ווייל ער האָט דערפילט, אז שפּעטער וועט זיך קיין פרעמד קערבל ביי אים שוין אויך ניט דרייען. זאָל ער כאָטש פון גאנצן יריד דאָס אָפּשפּאָרן — א קינד צו לייטן ברענגען.

קיין נייע מלבושים מאכט מען זיך שוין ניט צו; קיין אלטע צעטיילט מען שוין ניט. מ׳איז גערן, אז מען קאָן זיך אליין ווי עס איז אָנטאָן.

דער שטילער דלות איז אים פאראוים געלאָפן. ער איז געבליבן ביי גאָר ניט — איידער ער האָט די טאָכטער צו לייטן געבראכט.

שלמה זיצט אָפט גאנצע טעג אין שטוב, ביי זיין טיש, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף אַ האַנט און האָט טענות צום רבונו של עולם.

---

דלות (דאַלעס): ארעמקייט.

פאר וואָס איז אים דאָס געקומען ?

צי פלעגט ער קיין צדקה ניט טיילן ווי איינער פון די גרעסטע ? צי פלעגט אן אָרעמאן פון זיין שטוב הונגעריק ארויסגיין ?

דער שוחט, דער חזן, דער רב, דער בעדער, די קלויז, דער שמש — ווער פלעגט פון אים ניט נהנה זיין ?

אין גראָבע עבירות קאָן ער זיך ניט חושד זיין... דאָך א מענטש — א בשר ודם ! אפשר האָט ער אויף זיך חטאים, וואָס ער ווייסט פון זיי ניט. נאָר זיינען דען יענע איבעריקע גבירים פון שטאָט לייטעשער פון אים ?

ער זעט פיל פון זיי — ראבעווען, גזל'נען, פראָצענט און פראָצענט פון פראָצענט — און זיי וואקסן וואָס גרעסער.

„פאר וואָס קומט עס מיר ?"

און ער קאָן זיך די זאך אנדערש ניט פותר זיין, ווי נאָר — אז ס'איז א נסיון פון אויבן...

דער רבונו של עולם שטעלט אים צו די פרואוו : „ווי אזוי וועט ער זיך פירן אין אָרעמקייט ?" א שטייגער — אזוי ווי איוב'ן...

דערמאָנענדיק זיך אָן איוב'ן — ווארפט ער אן אויג אויף קרעסיען מיט די קינדער און עס כאפט אים אָן א ציטער :

ער ווייסט, אַז איוב'ן האָט מען געפרואווט ניט בלויז

---

פותר (פויסער) זיין : דערקלערן, פארענטפערן.

א נסיון (ניסאיען) : א פרואוו אויסצוגעפינען די שטארקייט אדער ערלאכקייט פון א מענטשן.

איוב (איעוו) : א ספר פון תנ"ך אין וועלכן עס דערציילט זיך ווי גאָט האָט אָרעם און קראנק געמאכט א רייכן און גאָטס־פארכטיקן מענטשן אויסצופרואוון אים צי וועט ער בלייבן גאָטס־פאָרכטיק אויך אין אָרעמקייט און נויט.

מיט׳ן פארמעגן.

ער איז פארטיק מוחל צו זיין דעם רבונו של עולם אלצדינג, אבי מיט ווייב און קינדער זאָל ער אים ניט שטעלן צום נסיון.

בעת ער איז פארטיפט אָט אזוי אין די געדאנקען, עפנט זיך די טיר.

אן אָרעמאַן איז אריינגעקומען שטיל, גלייך ער גייט ניט אויף דער ערד. ער האָט זי־ אוועקגעשטעלט אין מיטן שטוב.

שלמה האָט אויפגעהויבן די אויגן און באטראכט דעם אָרעמאַן.

פון אונטער א היטל — גרעסער פון דער מאָס — האָט ארויסגעקוקט א שווארצער, געקרויזטער קאָפּ.

עס איז קאָנטיק, אז די האָר זיינען ניט געוואוינט צום ברוך, וואָס ליגט אויף זיי. לעבעדיקע, נאָר פארשעמטע אויגן... א בלייכס נאָר ניט קיין אויסגעמאטערט פנים... די הויזן קורץ און צעריסן, א רעקל א קורצס... אויפגע־שפּילעט, ווייל עס קאָן זיך ניט צונויפגיין. דער גאנצער הילוך — נאָר ווי אומיסטן צונויפגעקליבן אויף צום באַוואונדערן.

שלמה איז איבערראשט געוואָרן: אים איז געקומען אויפ׳ן געדאנק: אפשר איז דאָס א נסיון?

אפשר שטעלט אים גאָט אצינד צו דער פּרואוו?

ער האָט זיך אין דער לעצטער צייט געפונען אין אזא קריטישער לאגע. ווען אומגליקלאכע האָבן פון דער ווירק־לאָכקייט גאָר ניט צו דערוואַרטן, דעמאָלט זיינען זיי גרייט האָבן צו טאָן מיט מלאכים, און צו דערווארטן נסים.

---

ברוך: שטויב, שמוץ.

„שיינקט עפּעס אַ נדבה!" האָט זיך געלאָזט הערן איבער'ן שטוב, גלייך די ווערטער גייען ניט אַרויס פון אַ מענטשלאַכער ברוסט.

שלמה כאַפּט זיך צו דער קעשענע, נאָר דאָרט האָט זיך גאָר ניט געפונען. ער איז געבליבן אַ פאַרלווירענער. ער האָט נאָר צענומען די הענט.

„וואָס טוט מען?" האָט עס געטייטשט: „צו דער רעכטער מינוט איז ניטאָ אַ קאָפּיקע!" דער אָרעמאַן האָט זיך געלאָזט אַרויסגיין — אויף דער שוועל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אומגעקערט.

„אפשר געפינט זיך ביי אייך איין אַלטער ראָק, אַ קאַפּטאַן אָדער וואָס?"

שלמה האָט אויפגעצויגן די ברעמען. דער מח מיט'ן האַרץ האָבן אויף איין רגע זיך געלאָזט אין דער אַרבייט. ער האָט אויפגעלעבט:

„יאָ, יאָ. זייט מוחל! זיצט אַ ווײַלע! אָט גיב איך!"

ער איז צוגעלאָפן צום קאַסטן, געעפנט, גענישטערט. געטאַפּט אין דער פינסטער און אַרויסגעקראָגן דעם חתונה־ראָק.

איידער ער האָט אים אוועקגעגעבן, האָט ער אים אין אַלע קעשענעס — גלייך ער האָט פון דאָרט אַרויס־צונעמען פאַרגעסענעס — אויסגעטרייסלט, באַקוקט און — אוועקגעגעבן.

ער האָט ניט געהערט וואָס דער אָרעמאַן האָט עפּעס געזאָגט דערביי. איינציקע אָפּגעריסענע ווערטער נאָר זיינען אים דורכגעלאָפן דורכ'ן אויער, אָנגערירט און צו־

---

גענישטערט: געזוכט.

גאנגען זיך אין דער לופט.

„געקומען פלוימען קויפן, פון דער ווייט, פון דער שטאָדט מ. אין בעסאראביען... גענעכטיקט אין א דאָרף... ניט ווייט... באַ'גנב'עט אפילו די שטיוועלעטן... דעם פאספאָרט... מען מוז גיין אין די הייזער... ברכות"...

ער איז צופיל געווען פארנומען מיט זיך און האָט ניט געקאָנט הערן, וואָס דער אָרעמאַן שעפּטשעט.

עס איז איבעריקענס ניט אזוי נויטיק צו הערן. ער ווייסט דאָך — ס'איז א נסיון — און גענוג! וואָס דארף ער הערן די אויסריידן מיט דעם אלעמען?

גענוג פאר אים, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען.

ווען דער אָרעמאַן איז ארויסגעגאַנגען, האָט אים שלמה נאָכגעקוקט.

דעמאָלט האָט אים עפּעס אַ שטאָך געגעבן וואָס ער האָט דעם ראָק אוועקגעגעבן. עס דאכט זיך — עס פעלט אים אוים פלוצלונג א שטיק פון אינווייניק...

נאָר פון איצט אָן, גלויבט ער, דארף זיך אלעס אָנהויבן — אומקערן צוריק, — די ערשטע גליקלאכע יאָרן! אָרעמע לייט וועלן ווידער ארויסגיין זאט פון זיין שטוב. די טאָכטער וועט ער, אי"ה, אפשר נאָך דאָס יאָר צו דער חופה פירן...

נאָר אָן דעם ראָק.

ער האָט אפילו קרעסיען ניט געוואָלט דערציילן דער-

---

שטיוועלעטן: שיך.

אי"ה: אם ירצה השם (אים יערצע האשעם): אויב גאָט וועט וועלן. אַ מענטש דארף ניט זיין זיכער באַ זיך און זאגן וואָס שפּעטער וועט זיין. ווען מען רעדט פון וואָס מען וועט שפּעטער טאָן גיט מען דאריבער צו אָט דעם אויסדרוק, אי"ה, מיט גאָטס הילף.

פון. ער וועט איר דערציילן, אם ירצה השם — דער־
נאָך...

דאָס אומגליק וואָס האָט געטראָפן די שטאָדט, וועלכע
איך ראַט אייך, ווי גלייך מען ראַט מיר, איך זאָל זי פאַר'ן
מויל ניט ברענגען — האָט אים אויך פארכאפט...

קיין גרויסן געלט שאָדן האָט ער ניט געליטן, ווייל
קיין געלט האָט ער ניט פארמאָגט, קיין פּאָרטאָפּיאָנען —
ניט געהאט... מען האָט אים נאָר ארויסגעלאָזט אין הוילן
העמד.

די טאָכטער איז לעבן געבליבן.

נאָר קרעסיע...

אזא טויט איז אים קיינמאָל אויפ'ן גדאנק ניט געקו־
מען!

געבליבן איז ער ממש נאקעט. נאָר אידן בני רחמנים
לאָזן ניט פאלן: פון נאָענט און פון ווייט שיקט מען
מלבושים און געלט. אפילו פון מ...

שלמה'ן איז שווער צו גיין בעטן, נאָר דער קאָמיטעט
האָט אים אין זין:

מען האָט אים אָפּגעשיקט אהיים.

די טאָכטער צעפּאקעוועט דאָס פּעקל און באַגיסט יעדן
מלבוש מיט טרערן.

זי נעמט ארויס א ראָק... זי דערלאַנגט אים דעם
פאָטער.

ער קוקט אָן דעם ראָק, און עס נעמט אים כמעט אָפּ
דאָס לשון.

ער האָט דערקאָנט זיין ראָק!

---

דאָס אומגליק: דער פּאָגראָם אין אָדעס.

אידן, בני רחמנים האָבן זיך געזאָרגט פון שלמה׳ס וועגן. מ׳האָט זיך צונויפגעוואָרפן אויף נדן און חתונה־הוצאות.

דער רב האָט געהייסן וואַרטן איין־און נײַנציק טעג... און שטעלן א חופה.

שלמה האָט דאָס יאָר חתונה געמאכט די טאָכטער; אלעס איז געווען.

דער ראָק האָט אויך ניט געפעלט.
נאָר קרעסיע האָט געפעלט.

---

## פראגן.

וואס האט מען ביי פייערבערגן געטאן מיט די אלטע מלבושים? פאר וואס האט ער אזוי טייער געהאלטן דעם חופה־ראק? ווען האט ער דעם ראק דאך אוועקגעגעבן? פאר וואס? ווי אזוי איז זיין פרוי געשטארבן? וואס איז דער גרונד־געדאנק פון דער דערציילונג?

# חיים ראָזענבערג

חיים ראָזענבערג, א מאן פון א יאָר עטלאַ־כע און פערציק, מיט א גרויען קאָפּ, מיט א ברייטן, אויסגערונצלטן שטערן, מיט א ברייטער און לאנגער ווייסער באָרד, ווי א זעכציק־יאָריקער זקן — זיצט פּורים בייטאָג איינער אליין פאַר׳ן טיש אויף א סאמעטענעם שטול, איינגעהילט אין א זיידענעם שלאָף־ראָק, אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד, אזוי אז ס׳איז ניט קאנטיק, צי טראָגט ער א שווערע משא אויפ׳ן קאָפּ, צי האָט ער דאָרט אונטער׳ן טיש עפּעס אן אנטיק דערזען, און קאָן פון דאָרט די אויגן ניט אָפּרייסן. אין צימער איז יום׳טוב׳דיק צוגעקליבן; די אָדר־זון שיינט אריין דורך די גרויסע אויסגעווישטע דאָפּל־פענצטער און באַלייכט דאָס טעפּל בלומען, וואָס איז אויסגעמאָלט אָקעגן אויף דער הרובע, גלייך זי וויל די בלומען לעבעדיק מאכן, איינ־רוימען זיי: „אין דרויסן איז באלד פרילינג!" דער טיש איז פאַרשפּרייט ווי אַלע פּורים. עס פעלן נאָר די פּורים קוילעטשן, די פלעשער וויין, און די קופּקעלאך קליי־נע מטבעות, וואָס פאראיאָרן.

עס פעלט אביסעלע פריילאכקייט אויך.

קיין פלאָדן פעלט אים ניט, ווייל ער האָט א תירוץ: דער עולם וויסט, אז ער איז אן אבל נאָכ׳ן פאָטער... מען

הרובע: אן אויוון פון שטיין.
אבל (אוועל): איינער וואס טרויערט נאָך א טויטן.

וועט אים ניט שיקן, ער וועט יענעם ניט שיקן.

עס פעלט עפּעס נאָך... ווי לויט פּאַריאָרן... נאָר דאָס ווייסט שוין נאָר דער קאַלטער אויוון אין קיך.

דאָס ווייב האָט ער פאַרזאָרגט מיט דרייסיק קאָפּי־קעס, וועלכע ער האָט קוים צונויפגעקליבן אין משך פון צוויי דריי וואָכן, גע'גנב'עט צוביסלאַכווייז ביי זיך אליין; ער האָט זיי אויסגעביטן אויף קליינע מטבעות כדי זי זאָל האָבן אויסצוקומען פאַר אַלע אָרעמע לייט, וואָס ווייסן נעבאך פון גאָר ניט צו זאָגן, און וועלן זיין הויז אודאי ניט איבערהיפּערן.

„נאָך גוט וואָס די קינדער האָבן זיך אַלע פאַרנומען צום שוואָגער. דאָרט וועט זיי פריילאַכער זיין."

און אליין האָט ער זיך אוועקגעזעצט אינ'ם ווייטסטן צימער, וואָס ווייטער פון דער טיר.

דאָך ביי יעדן קלאַפּ פון דער טיר, וואָס ס'הערט זיך פון דאָרט, מוט אים א קלאַפּ אין האַרץ.

ער ווייסט זיכער, אז דער אָרעמאַן איז אַרויסגעגאַנגען ניט צופרידן. ניט אַזוי איז מען געוואוינט פּורים אַרויסצוגיין פון זיין שטוב!

ער ווייסט, מיט וואָס פאַר מי זיין צביה צווינגט זיך דאָרט אַרויסצוגעבן זיין גראָשן! ער ליידט מיט איר איינעם! „ס'אני'אשה צנועה! — קרעכצט ער אָפּ — וואָס זי ליידט נעבאך איבער די לעצטע צייט!"

נאָר ווען ער הערט, אַז דאָרט איז שטיל, אַז די טיר עפנט זיך זייער זעלטן, בלייבט ער אומעטיק, טרויעריק, און ער קוקט זיך אום אויף די הויכע, געמאָלטע ווענט

---

אשה צנועה: א באַשיידענע. א געהאַרכזאַמע, געטרייע.

פונ׳ם צימער, ווי א פארצווייפלטער. ער וויל ניט אז אָרע־מע־לייט זאָלן אויסלאָזן זיין שטוב!

„אוי, רבש״ע! — זיפצט ער — וואו זיינען אהינגעקומען מיינע ימים טובים? ערשט פאראיאָרן — וואָס דאָ האָט זיך איבערגעטאָן! כמעט א האלבע שטאָט איז געווען! וואָס ווישניאק מען האָט דאָ אויסגעגאָסן! די „סאדיגורטשיקעס" מיט די „באָיאָנער" האָבן זיך אזוי פאר׳שכור׳ט, אז מ׳האָט זיך איבערגעבעטן, צוקושט זיך פלוצלונג, זיך ארומגעכאפט און געטאנצט".

„און וואָס געלט איך האָב צעטיילט!"

„האָט זיך מיר געגלוסט א וואלד מיט א פּאָסע־סיע! האָט מיך דער רוח געטראָגן קיין אָדעס מיט ווייץ! שיקט גאָט אָן א שריפה אויף מיין שותף! איז דיר ווייניק, גיי־זשע, מענטש, קויף אָן צוקער! ארוים בדיל הדל! נאָך גוט, וואָס קיין פרעמד געלט ניט אויפגעגעסן! ניט אויפגעגעסן? סטייטש אזוי פיל שולדיק אין אלע קלייטן. מען וויל שוין מער ניט באָרגן!"

און וואָס טוט מען ווייטער? מילא פורים — איז

---

רבש"ע—רבונו של עולם: האַר פון דער וועלט. גאָט.

סאדיגורטשיקעס—סאדיגורער חסידים. באָיאָנער—באָיאָנער חסידים. סאדיגורע און באיאן זיינען נעמען פון שטעט. יעדע פון די צוויי שטעט האָט געהאט א בארימטע פאמיליע פון רביים. די רביים פון די צוויי שטעט האָבן געהאַט חסידים אנהענגער איבער גאַנץ רוסלאנד און פוילן, און זיי פלעגן צווישן זיך שטענדיק פירן א קאמף.

פּאָסעסיע—א גוט: א הויף מיט לאנד וואָס ווערט אָפּגערונגען פון דעם אייגנטימער—א פריץ.

בדיל הדל (בדיל האדאל): פּאַראַרעמט.

פורים, דאנקען ה ש י " ת, שוין באלד איבערגעקומען.
נאָר אָט גייט פסח"...

ער דערמאָנט זיך אָן פסח, און ס'הויבט אים אויף
פונ'ם אָרט.

„וואָס טוט אזא איד ווי איך? — פיר וואָכן צו פסח,
און א קאָפּיקע איז ניטאָ וואו צו קריגן"...

מיט איינעם טרייסט ער זיך נאָך: „די וועלט ווייסט
ניט, דאכט זיך, וואָס מיט מיר טוט זיך. די שטוב פון
דרויסן — נאָך אַ גביר'שע. איי איך האַלט קיין דינסט
ניט? זיינען דאָ פיל גבירים, וואָס האלטן ניט קיין דינסטן
גלאט פאר קארגשאפט!"

ער דערמאָנט זיך אָבער, אז באלד וועלן די פרנסי-
העיר קומען, לויט דער מנהג פון שטאָט, נאָך מעות-
חטין... ער געדענקט אז דעם מנהג האָט ער אליין צוריק
מיט עטלאכע יאָר איינגעפירט: מען זאָל פורים ארומ-
גיין נאָך מעות-חטין... „פורים, האָט ער דעמאָלט דער-
קלערט, האָט יעדער איד א „לב-טוב," און אָפענע האַנט!
דאָס מעות חטין וועט מער מאכן! און טאקע דעם זעלבן
טאָג, אָדער אויפ'ן צווייטן טאָג זאָל מען צעשיקען וועמען
און וויפיל מען דארף. אפשר דארף נעבאך יענער אין א
קלייט אריין, צו א שניידער אָנקומען, זאָל ער עס האָבן

השי"ת—השם יתברך (האשעם ייסבאָרעך): זיין נאָמען
זאָל זיין געבענשט . גאָט. לויט דעם אידישן דין טאָר מען ניט
דערמאָנען גאָט'ס נאָמען. דאריבער זיינען פאראן פארשידענע
אינדירעקטע אויסדרוקן פאר גאָט. ווי השי"ת, רבש"ע, דער
וואָס לעבט אייביק, א. א. וו.

פרנסי העיר (פּארנסיי האָאיר): די פירער פון שטאָט.

מעות חטין (מאָעס כיטן): געלט אויף מצות פאר אָרע-
מע לייט. אין א סך ערטער, שטיצע פאר אָרעמע לייט אויף פסח,
נישט דוקא פאר מצה אליין.

צו דער צייט.“

„מען וועט מסתמא צו מיר אויך קומען! וואָס וועל איך זיי ענטפערן?“

עס לאָזט אים ניט רוען... ער הויבט אָן שפּאַנען איבער׳ן צימער, אויף ווייכע קאָוויאָרן, פון וואַנט צו וואַנט... ער שפּאַנט ניט, ער לויפט ווי א דערשראָקענער...

„און אפשר וועלן זיי ניט קומען? מיך איבערלאָזען?“

„וואָס הייסט — מיך איבערלאָזן?! פאַר וואָס?!“..

ער הערט די קיך־טיר עפנט זיך ברייט און רוישנדיק.

„דאָס גייען זיי א פּנים“.

עס האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין האַרצן; ער איז געבליבן אין מיטן צימער מיט׳ן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, זוכענדיק אין געדאַנקען עפּעס אין דער גיך א תירוץ, אן עצה.

נאָר אויפ׳ן אָרט פון די פּרנסי־העיר איז אריינגעקומען דער בריווטרעגער מיט אַ רעקאָמענדירטן בריוו.

אַרויסלאָזנדיק דעם בריווטרעגער, האָט ער, אַביסל פאַרוואונדערט, אביסעל נייגעריק, געעפנט דעם בריוו און איז ווי פאַרהילצערט געבליבן: ער האָט דאָרט געפונען א צען־רובלדיקע מיט א קליין קוויטעלע, אויף וועלכן ס׳איז געווען אָנגעשריבן אָן אונטערשריפט: „בתורת גמילת חסד“.

פונקן האָבן אים אָנגעהויבן פליען פון די אויגן. די

בתורת גמילת חסד (בסוראס גמילאס כעסעד): אלס גמילת חסד, א הלואה וואָס מען גיט איינעם ניט צוליב פּראָצענט, נאָר א טובה צו טאָן. ווען מען וויל איינעם ניט באַליידיקן שענקנדיק אים געלט, גיט מען עס אים אַלס גמילת חסד. דאָס הייסט, מען באָרגט אים.

בענקלאך פונ׳ם צימער גייען אים אנטקעגן...

ער ווייסט שוין דעם נוסח פון „בתורת גמילת חסד“...

ער האָט פארגעסן אָן זיינע חשבונות — „וועגן פסח און ביז פסח“, אָן די „חובות“ און אָן אלעמען.

„רבש“ע! דערביי האלט איך שוין?“ האָט ער ווי ביי די וועגט געפרעגט.

„ווי פאלן זיי עס אוים?! אזא העזה צו האָבן?! האָט ער פלוצלונג, כמעט, זיך צעשריען: „ווער האָט זיי געבעטן?! איך בין נאָך רייכער פון זיי!“ ער וואַרפט אַן אויג אויף די קאַוויאָרן, אויף די ברייטע מיט מערלע פארהאנגענע שפיגלען, אויפ׳ן איבעריקן מעבל און שאַצט זייער ווערט אויפ׳ן קאָפּ...

„איך בין נאָך היינט אויך רייכער פון זיי! קבצנים! ווי האָבן זיי עס געוואגט! ווי האָבן זיי זיך׳ס אונטער־געשטעלט?!“

ער האָט זיך באַשלאָסן טאַקע שוין אויפזוכן אויף דער פאָסט, ווער ס׳האָט דעם בריוו אויפגעלייגט... תיכף עס אָפּטראָגן... און יענעם טאקע גוט אָפּבאָדן אין א הייסער באָד... ער וועט אים ווייזן...

ער ווענדט זיך צום פענצטער אַ קוק צו טאָן אויף דער גאס, אויב ער וועט קאָנען זיך דערשלאָגן צו דער פאָסט אָן קאלאָשן.

דורכ׳ן פענצטער האָבן זיך געוויזן די פרנסי־העיר... זיי גייען פארביי זיין הויז און שטעלן זיך אָפּ. עס איז צו דערקאָנען אז זיי ווייסן ניט, ווי זיך צו פאסן — ניט ארייגצוגיין, ניט אוועקצוגיין. ענדלאך זיינען זיי דאָך אריינגעגאנגען.

---

העזה: פרעכהייט. געוואגטקייט.

חיים איז געבליבן א פארלאָרענער. ער וויל פון דרך ארץ וועגן זיי עפּעס א וואָרט זאָגן... זאָל כאָטש ניט אזוי שטיל זיין אין צימער... ווי צווישן שטומע... נאָר ער גע־פינט ניט וואָס צו זאָגן. זיי הויבן אָן א שמועס וועגן וועטער אין דרויסן, וועגן היינטיקע גבירים און „דאָס יאָרי־קע" אָרעמע לייט... נאָר דער שמועס קלעפּט זיך ניט.

חיים האָט א צי געטאָן מיט'ן שטערן, און ס'איז אים פּלוצלונג ליכטיק געוואָרן אין די אויגן...

ער האָט ארויסגענומען דאָס צענערל: „אודאי מעות־חטין ?... נאָט אייך מיינס !... השי"ת זאָל העלפן א סך געבערם און ווייניק נעמערם !"

די פרנסי העיר האָבן זיך איבערגעקוקט, געוואונטשן א „כשר'ן פסח" און ארויסגעגאנגען.

חיים איז געבליבן ביים טיש צוריק פארזונקן אין זיינע אומעטיקע געדאנקען.

---

דרך ארץ (דערעך ערעץ) : אכטונג, רעספּעקט.

## פראַגן.

ווי האָט זיך חיים ראָזענבערג געפירט ווען ער איז געוועזן רייך? וועלכן מנהג האָט ער געהאַלטן איינפירן אין שטאָט? איבער וואָס איז ער באַאונרואיקט און פאַרזאָרגט? ווער האָט אים געשיקט די צען רובל? פאַר וואָס זיינען די פּרנסי העיר אַריינגעגאַנגען צו אים נאָך מעות חטין ווייסנדיק אַז ער איז פאַר־אָרעמט געוואָרן?

# אפרים מלמד



ג וטער כשר'ער מלמד! א מצבה וויל איך דיר שטעלן!...

כאָטש אין פּאַספּאָרט איז ער פאַרשריבן געווען: „פּרויקא גערשקאָוויטש שאַמאַש", איינוואוינער פון יענער און יענער שטאָט, מעשטשאַנין פון דער און דער שטאָט, וועלכע ער האָט פאַר זיינע אויגן קיינמאָל ניט געזען, אָבער באמת האָט ער געהייסן אפרים מלמד און צו דער תורה פלעגט מען אים אויפרופן „בן רב צבי"; און וואוינען איז ניט שייך צו זאָגן. ער האָט ניט געוואוינט אויף איין אָרט. ער איז אן אמת'ער נע־ונד'ניק געווען, כאָטש זינט ער לעבט איז ער פון שטאָט ניט ארויסגעפאָרן.

דער גוף זיינער האָט זיך טאקע שטענדיק געפונען אין שטאָט, נאָר אפרים מלמד איז ניט קיין גוף מענטש געווען, וואָס זאָל אלצדינג רעכענען נאָכ'ן זינדיקן חומר, אומשטיינס געזאָגט. דער עיקר אין אים איז דאָך די נשמה, און זיין נשמה איז תמיד א נע־ונד־ניצע געווען.

---

מצבה (מאַצייווע): מאָנומענט. א שטיין מיט אן אויפשריפט וואָס ווערט געשטעלט אויפ'ן קבר צום אנדענק פון פאַרשטאָרבענעם.

מעשטשאַנין: בירגער. שטאָט־איינוואוינער.

נע־ונד'ניק (נאַ וואַנאַדניק): א וואנדערער, א היימלאָזער.

האָבן זיך אָנגעהויבן די ווינטערדיקע סדרות פלעגט ער זיך נאָכשלעפּן מיט זיינע קליינע תלמידים׳לאך נאָך די אבות הקדושים קיין מצרים, קיין גרר; אומעטום האָט ער אָבער אָן עכּוב: אָט איבער שרה׳ן, אָט איבער רבקה׳ן, אָט ווערט ער א בורח אינאיינעם מיט יעקב אבינו פאר עשו הרשע, און ציט זיך מיט די תלמידים פון באר שבע קיין בית אל, פון בית אל קיין חרן. דאָרט פאלט ער אריין צו לבנ׳ן אין די הענט אריין.

און די תלמידים זיינען גוטע קינדערלאך — אפרים מלמד פלעגט זאָגן, ער האָט נאָך קיין שלעכט קינד ניט געהאַט — זיי האָבן ליב דעם רבי׳ן פאר דער שיינער תורה, וואָס ער לערנט מיט זיי; קיינמאָל ענדיקט זי זיך ניט; תמיד איז מען אויפ׳ן וועג, אין פעלד, אין געצעלטן, א מלחמה אויף כדרלעומר, קרעניצעס גראָבט מען, א לייטער צום הימל...

זיי גייען נאָך נאָכ׳ן גוטן רבי׳ן, וואָס נוצט קיינמאָל ניט דעם קאַנטשעק און פיטערן מיט יעקב׳ן לבנ׳ס טשע־רעדעס לעמעלאך, שווארצע, ווייסע, טערקאטע, — פלוצ־

---

סדרות (סעדרעס): טיילן פון דער תורה. די תורה איז איינגעטיילט אין 54 טיילן. יעדע וואָך ווערט אין שול געלייענט איין טייל אָדער סדרה. אין אמאָליקן חדר פלעגן קינדער לער־נען חומש ניט כסדר, נאָר יעדע וואָך די סדרה וואָס מען האָט דעם קומענדיקן שבת געלייענט אין שול. אפרים מיט זיינע תלמידים לעבן איבער די פאַרשידענע געשעעענישן פון וועלכע עס דערציילט זיך יעדע וואָך אין דער סדרה.

אבות הקדושים: די הייליקע עלטערן, אברהם, יצחק, יעקב.

עכּוב (איקואוו): אָפּהאַלט. א שטערונג צו גיין ווייטער.

קרעניצעס: ברונימער.

לונג אנטלויפן זיי מיט יעקב׳ן ביינאכט איבער׳ן יבוק און שלאָגן זיך מיט א מלאך, און גרייטן זיך צו א מלחמה אויף עשו הרשע, און מען שענקט אים א „כאבאר״ פון עטלא־כע טשערעדעס, און מען פארשלעפט זיך גליקלאך קיין סכות.

איז א מעשה מיט דינה׳ן אין שכם, איז מען זיך נוקם אָן די שכם׳צעם — און ווידער ויברח ; ווערט א שנאה צווישן יעקב׳ס קינדער, וואָס זיינען דערווייל אונטערגע־וואַקסן, פאַרקויפט מען יוסף׳ן קיין מצרים; קומט פוטיפרע, זליכה, א בלבול... אפרים מלמד פירט די קינדערלאך צו יוסף׳ן אין תפיסה אריין און זיצט דאָרט מיט אים ביז ער פירט אים אריין צו פרעה׳ן אין פאלאץ און מאכט אים פאר איין עלטסטן איבער מצרים.

דאָ מוז אפרים מאכן א הפסקה : חנוכה האָט אָנגע־יאָגט. גיסט ער דריידלאך פון בליי. א חריף איז ער אין די ענינים. ער ציט זיך ארוים מיט זיינע תלמידים׳לאך קיין ירושלים, און פירט מתתיהו׳ן מיט זיינע זין אויף ליזיאסן, טייכן בלוט ווערן פאַרגאָסן, כאָטש אפרים איז בטבע ניט קיין שלעכטער. אַז ער זעט „דם״, ווערט אים שלעכט אויפ׳ן הארצן, נאָר „עס העלפט דאָך ניט, — פאר־

---

יבוק (יאבוק) : דער נאָמען פון א טייך אין מזרח ארץ־ישראל.

הפסקה (האַפסאַקע) : איבעררייס.

חריף (כאריף) : שארף. א חריף, א פלינקער, א שארפ־זיניקער מענטש.

ער ציט זיך ארוים קיין ירושלים : חנוכה קומט אוים אין דער צייט ווען אין די סדרות פון דער וואָך ווערט דערציילט פון די אידן אין מצרים און די געשיכטע פון חנוכה איז פארבונדן מיט ארץ ישראל. ער ציט זיך ארוים פון מצרים קיין ירושלים מיינט, ער הויבט אָן דערציילן וועגן חנוכה.

ענטפערט ער זיך פאַר די קינדערלאַך: „אַז מ׳האָט צו טאָן מיט שלעכטע יונים, שופך דם׳ניקעס, איז קיין ברירה ניטאָ“.

געענדיקט מיט׳ן קריגל בוימל אונטער׳ן כהן גדול׳ס חותם, פירט אפרים זיינע תלמידים פון ירושלים צוריק קיין מצרים. ער ברענגט אַהין יעקב׳ן מיט גרויס כבוד... יעקב שטאַרבט, כביכול, ער בענטשט די קינדער... און פלוצלונג פילן זיך די תלמידים׳לאַך אינאיינעם מיט׳ן רבי׳ן אין גלות! ציגל קנעטן זיי מיט די בני ישראל... פרעה הרשע נעמט א וואנע פון אידיש קינדער-בלוט...

דער גאנצער ווינטער גייט אוועק ביי אפרים מלמד, ביז ער זעט זיך מיט די קינדערלאַך ארויסגעכאפט פון מצרים.

וויפיל מעשיות זיי ווערן געוואָר, וואָס שטייט גאָר ניט אין חומש! אפרים לערנט אויסווייניק מער ווי אינ־ווייניק. וויפיל עס קאָסט אים אָפּ דער בונט פון די בני אפרים, וואָס האָבן געוואָלט זיך אויסלייזן פון מצרים..

און די קינדערלאַך מאכן אלע מאָל קולאקעס, און עס דאכט זיך זיי, אז דאָס זיינען זיי די בני אפרים. דער גוטער מלמד האלט זיי קוים איין.

א קליין אָרט טיילט אפרים אָפּ מרדכי׳ן מיט אסתר׳ן. ער פארזאמט זיך ווייניק אין שושן: עפעס געפעלט אים ניט אזוי די מעשה.

---

יונים (יוואנים): גריכן.

שופך דמ׳ניקעס: בלוט פארגיסער.

צוריק קיין מצרים: ער קערט זיך אום צו לערנען די סדרות פון דער וואָך אין וועלכע עס דערציילט זיך ווייטער פון די אידן אין מצרים.

בונט: אויפשטאנד. רעוואָלט.

מרדכי מיט אסתר׳ן: די מעשה פון פורים.

און ווען הימל און ערד בייטן זיך איבער, און פויגע־לאַך זינגען שיר השירים אנטקעגן דער נייער פרילינגס זון, דערנסטמאָל לאָזט זיך אפרים מיט די תלמידים ארויס אין ברייטן מדבר און ריכט אָפּ גלות פונ׳ם בארג סיני קיין „קברות התאוה“, און רוימט אוים קורח׳ן מיט זיין עדה, שטראָפט די מרגלים, נעמט איין סיחון ועוג, און קערט איבער וועלטן.

חורבן צייט כאַפּט ער זיך ווידער אריין קיין ירושלים און אינאיינעם מיט זיינע תלמידים, באוויינט ער די חורבונות; אינאייעם מיט ירמיהו׳ן גייט ער ארום אויף די בערג און רייסט קברים. ער זעט צו מיט זיינע אויגן, ווי בארמהערציקע מוטערם קאָכן אָפּ די קינדער; ער זעט ווי ירושלים ברענט צוויי מאָל... מיט טיטום׳ן און נבוכדנצר׳ן האלט ער מלחמה, און אלץ אין איין צייט... ער גייט אין גלות קיין בבל, קיין פּרס, קיין אדום... וואָס ער לעבט אביסל איבער אין די דריי פארוויינטע וואָכן! ביז גאָט העלפט אים, שבת נחמו גייט איבער, קומט ער צוריק אין זיין רו אריין, אין מדבר, הייסט עס, ביים ירדן, און נעמט זיך לערנען צוריק מיט די תלמידים, ווי מען דארף זיך אויפפירן אין ארץ ישראל.

„כי תבא בכרם רעך: אז דו וועסט קומען אין א פרעמדן גאָרטן, זאָלסטו עסן, וויפיל דיין הארץ גלוסט, נאָר אין די קעשענעם טאָרסטו ניט...“

---

חורבן צייט: די דריי וואָכן פון מיטן תמוז ביז נאָך תשעה באב. די טעג פון טרויער אין וועלכע עס איז צוויי מאָל חרוב געוואָרן ירושלים און דער בית המקדש.

שבת נחמו (שאבעס נאַכאַמו): דער שבת פון טרייסט. שבת נאָך תשעה באב ווען מען לייענט אין שול דעם מפטיר וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער נחמו נחמו עמי, טרייסט מיין פאָלק. דאָס איז קאַפּיטל מ (40) פון ישעיה.

— נו, און דער גוי פונ׳ם גאָרטן? שטעלן אוים אויף אים די קינדערלאך פאראינטערעסירטע פנים׳לאך.

— איי, איי, איי, נאַראָנימלאך, קינדערלאך — צע־לאכט זיך דער גוטער מלמד: אין ארץ ישראל א גוי?! אלע גערטנער זיינען דאָך אידישע! עס איז דאָך דאָרט נוהג פאה, לקט, שכחה, תרומה, מעשר! היינט־זשע פרעג איך אייך, אדרבה: מה ענין גוי צו דעם אלעמען?

— נו, און א הונט? שטעלט זיך איין אן אנדער קינד און פרעגט.

— וואו קומען כלבים? וואָס טויג א „כף־למד־בית" אין ארץ ישראל? ער קאָן דאָך דעם בעל־הבית גופא בייסן! מען שמועסט דאָך: אידישע גערטנער, כרמים הייסט עס, און אן עק!

— אידישע גערטנער?!

— פשיטא! נאָך וואָס פאר א גערטנער! וואָס פאר חדושים פון פרות! איר ווייסט, וואָס ס׳הייסט זבת חלב ודבש? ס׳איז דער טייטש: עס גיסט זיך דאָרט האָניק מיט מילך, טייטלען, פייגן, אתרוגים, מילגראָמען!...

---

פאה (פּייע): די תבואות וואָס וואקסן ביי די ברעגן פון פעלד. דאָס האָט מען ניט געטאָרט שניידן. עס האָט באלאנגט צו דעם אָרעמאַן, וואָס האָט ניט געהאַט קיין אייגן פעלד.

לקט (לעקעט): די זאנגען וואָס פאלן ארונטער אויף דער ערד ביים שניידן, האָבן אויך באלאנגט צום אָרעמאַן און פרעמדן וואָס האָבן ניט קיין אייגן פעלד.

שכחה (שיקכע): די בינטלאך וואָס מען פארגעסט באַם איינזאמלען די תבואה. דאָס האָט דער אָרעמאַן און דער פרעמע־דער אויפגעקליבן.

תרומה (טרומע): א טייל פון דער תבואה וואָס איז אָפּ־געגעבן געוואָרן צום כהן, אלס מתנה צו גאָט.

מעשר (מאַסער): א צענטל. א צענט־חלק פון יעדער זאַך. דאָס האָט געדאַרפט געבראַכט ווערן אין בית־המקדש, פאר די לוים.

און קינדערלאַך פאַרגלאַנצן די אויגעלאַך. אַ שמייכל פון חלום׳דיקע איז ביי זיי אויסגעגאָסן אויף די פּנים׳לאַך, אַ פייער פון בענקעניש האָט זיך אין די הערצלאַך אָנגעצונדן נאָך ארץ ישראל.

און זיי פאַרזיצן זיך שפּעט, קוקנדיק אויפ׳ן רבי׳ן און הערענדיק זיינע מעשיות וועגן ארץ ישראל. זיי פאַרגעסן גאָר, צי איז היינט זומער צי ווינטער, צי קאָן מען אין דער צייט פאַרפירן אַ שפּיל אויף דער גאַס, ביז די רבי׳צן קומט אריין און בטל׳ט אוים אַלע חלומות אויף אפרים׳ס קאָפּ אינאיינעם מיט אַלע שונאי ציון: „וואָס איז דער מער מיט דיר, דו בטלן? עס איז דאָך שוין מנחה-צייט!״

אָט אַזוי איז געווען אפרים אַ נע-ונד׳ניק אַ גאַנץ יאָר. ער האָט ארומגעבלאָנדזשעט אין מצרים, פּרס, ירושלים, בבל, מדי, אדום, עמלק, חרן, מדבר פּרן. ניטאָ פאַר אים קיין פריער און שפּעטער, קיין נאָענט און ווייט, ניטאָ קיין סוף צו דער זאַך. אַזוי ווי דער בעל-קורא ענדיקט שמחת-תורה אין קלויז: „לעיני כל ישראל חזק ונתחזק״, אַזוי שפּרייט מען אויס אַ נייעם הימל פון אַלטן טלית און אידן שטעקן אַרונטער די קעפּ און מען הויבט אָן אויף דאָס ניי:

---

בעל קורא (באַל קוירע): דער מאַן וואָס לייענט. דער וואָס לייענט די תורה אויף דער בימה אין שול.

לעיני כל ישראל: דער לעצטער פּסוק אין דער תורה.

„בראשית ברא אלהים"...

נאָר ער בלאָנדזשעט ניט אליין, עס גייען אים נאָך: די קליינינקע בני ישראל. אן עבירה נאַר, וואָס צייטנווייז איז אים מבלבל די ארורה, די אפרים׳קע, מיט אירע דאָנער־שטיקן. ער האַלט מיט די קינדער ביים מן אין דער מדבר, וואָס האָט געהאט אלע טעמים, און מיט אמאָל קומט זי אריין מיט איר „חלה אויף שבת"! אפשר ווייסט איר, וואָס אפרים קער זיך אָן מיט דער אפרים׳קע? און וואָס האָט זי די „בעזדיעטניצע", אין גאנצן אים געטויגט? דאַכט זיך, אַז אפרים מלמד איז געבאָרן געוואָרן נאָר צו־ליב אידישע קינדער וואָס ער האָט זיי אזוי ליב געהאט.

פאר קאָנקורענץ האָט אפרים ניט מורא געהאט. ער איז געווען א מאמין אין השגחה: „וואָס אים איז באַ־שערט, וועט קומען אין שטוב אַריין"! און דערפאַר האָט ער ניט געוואוסט דעם צער פון בין הזמנים און פלעגט פאַר־ברענגען די טעג צווישן יום כפור און סכות מיט זיינע תלמידים צוזאמען. ער פלעגט זיי אויף כלומר׳שט לערנען די ברכה איבער אתרוג און סכה, אָבער אין אמת׳ן איז אָן אנדער כונה געווען דערביי: א וועג האָט ער געמאכט

בראשית ברא אלהים: דער ערשטער פסוק פון דער תורה. שמחת תורה ענדיקט מען לייענען די תורה און מען הויבט אָן פון דאָס ניי. דערביי ווערט אויסגעשפרייט א טלית ווי א חופה, דער סימבאָל פון הימל, פאָרשטעלנדיק דאָס בילד ווי די אידן זיינען מקבל די תורה.

מבלבל (מוואַלבל זיין): צעמישן די געדאנקען.

ארורה: פאַרשאָלטענע. שלעכטע פרוי.

בעזדיעטניצע: קינדערלאָזע. איינע וואָס האָט ניט קיין קינדער.

א מאמין אין השגחה (מאַמין, האשגאַכע): א גלויביקער אין דער געטלאכער באשטימונג, אז אלעס איז באשטימט פון גאָט.

מיט די תלמידים קיין ארץ ישראל. ער האָט זיי געדאַרפט ווייזן, וואו אתרוגים וואַקסן, פון וואַנען מען שניידט לולבים. ער האָט זיי געדאַרפט דערציילן א מעשה ווי אמאָל האָבן אינגלאך פארשטיינערט מיט די אתרוגים א כהן גדול, א צדוקי, א באהאלטענער רשע, הייסט עס.

פאָנען האָט ער זיי געדאַרפט איינטיילן. מעשה השגחה! צו זיינע תלמידים פלעגן אָנקומען פאָנען נאָר פון „דגל מחנה אפרים".

און אז ס'איז געקומען די נאכט פון שמחת-תורה... דאָס איז געווען דער איינציקער שכר זיינער פאר א גאנץ יאָר: שכר למוד האָט דאָך אייגענטלאך געהערט צו דער אפרימ'קע.

קיינער האָט ניט געקאָנט וויסן, ווען און וואו האָט זיך אפרים אָנגע'שכור'ט. די אפרימ'קע האָט מעיד גע־ווען אויף אים, אַז שמחת-תורה שטייט אפרים אויף פון שלאָף — א שכור'ער.

געקומען איז ער אין קלויז אַריין מיט'ן קאַנטשעק. דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל אין יאָר, וואָס דער קאַנטשעק איז אין זיין ראָליע. שמייסן פלעגט ער מיט אים די גרויסע אידן, וואָס זיינען געווען אמאָל זיינע תלמידים, דערפאר, וואָס זיי טאנצן שלעפעריק אנטקעגן דער תורה:

„שטאַרקער! שטאַרקער! העכער! פליגלדיק! משה שמח בשמחת תורה! שמח, שמח, שמח!..."

און קינדערלאך מיט פאָנען אין די הענט שטייען

---

צדוקי: איינער וואָס האָט געהערט צו דער פארטיי פון די צדוקים. צדוקים און פירושים זיינען געווען צוויי פארטייען ביי אידן, אין דער צייט פון צווייטן בית המקדש.

מעיד געווען: עדות געזאָגט.

אַרום רבי'ן, פאַררייסן צו אים די יום-טוב'דיקע פּנימ'לאַך. ניש'קשה: מען מעג דענסטמאָל אַ צופּ טאָן דעם רבי'ן ביים שטריימל. אפרים וועט ניט ברוגז זיין. אַלצדינג מעג מען טאָן, וואָס איז אַ מרבה שמחה אויף די קינדער!

— צאַן קדשים: וואָס קומט אַ כהן גדול אַ צדוקי?

— סקיל-ה-ה-ה!

— צאַן קדשים! מיט וואָס פאַרשטיינערט מען אַ כהן גדול?

— מיט אתרוגים!

— צאַן קדשים! משיח וועט קומען?

— יאָ-אָ-אָ!

— וואוהין וועט ער אונז פירן?

— קיין ארץ ישראל!

— און אז איך וועל ניט קאָנען גיין פון עלטער, וועט איר מיך טראָגן?

— יאָ! איך! רבי, איך, איך! האָבן צענדליקער קינדער אויסגעשריען און אַרויסגעשטעלט פּלייצעלאַך.

שטאַרקער איז געוואָרן די שמחה אין קלויז. עס האָט זיך אידן געגלויבט, אַז די קינדערלאַך, גבורי-אפרים'לאַך, וועלן ברענגען משיח'ן און אוועקטראָגן די אַלטע לייט אויף די פּלייצעס קיין ארץ ישראל. די אידישע נגינה, וואָס אין איר, פון וואָס פאַר אַ טעמפּ זי זאָל ניט זיין, הערט זיך אַרום האַרץ-צופּענדיקס, בעטענדיקס, האָט זיך אַרויסגעריסן פון אַלע הערצער, און האָט זיך שיער-שיער

---

מרבה שמחה: פאַרגרעסערט די שמחה.

ניט אַריינגעכאַפּט אין נוסח פון „שיר המעלות ממעמקים“. אין איר איז געלעגן אַ פריילאַכער מאַרש פאַר משיח׳ן, אַ בענקעניש קיין ארץ ישראל און אַ שטיקל תנועה פון אַ גלות תפילה.

דאָס איז געווען אפרים׳ס נאַכט.

נאָר אויף איינמאָל...

אָן עקשנ׳טע — די אפרים׳קע! איינגעשפּאַרט האָט זי זיך, זי וויל אים ניט בעטן אין סוכה: אַ קאַלטע נאַכט האָט איר אויסגעוויזן. „וועסט זיך נאָך צו אַלדע שוואַר־צע יאָר, שונאי ציון, פאַרקילן!“

אָט וואָס אַ קליפּה קאָן! ער האָט זי, מאַלט אייך, געהערט, ווי די קאַץ, און איז געשלאָפן אין סוכה אויף די הוילע ברעטער.

אין דער פרי איז ער געגאַנגען דאַוונען מיט אַ שטע־כעניש.

אין דאָקטוירים האָט אפרים ניט געגלויבט. דעם צווייטן טאָג סכות איז ער ניט געגאַנגען דאַוונען.

שמחת תורה אויף דער נאַכט האָט זיך דערפילט ביים עולם אַז אפרים פעלט. די קינדערלאַך זיינען אומגע־גאַנגען כצאן בלא רועה, ווי חיל אָן אַ גענעראַל. אַ צער איז געווען צו קוקן אויף זיי.

איינעם פון די קינדער איז איינגעפאַלן אַ געדאַנק:

---

שיר המעלות ממעקים: אַ קאַפּיטל פון תהילים, וואָס ווערט געזאַנגט מיט אַ טרויעריקן נגון.

תנועה: קנייטש.

זי וויל אים ניט בעטן אין סוכה: פרומע אידן פלעגן ניט נאָר עסן אין סוכה נאָר אויך שלאָפן אין איר, ווייל אין אמת׳ן דאַרף מען וואוינען אין סוכה אַזוי ווי די אידן אין דער מדבר האָבן געוואוינט אין די געצעלטן, אָדער שפּעטער די אידן אין ארץ ישראל, אין דער צייט פון איינזאַמלען די תבואות.

— קינדער, לאָמיר גיין צום רבי׳ן.

— אודאי!

די רבי׳צין האָט פּלוצלונג דערזען ביי זיך אַ פּאָר צענדליק קינדער מיט פאָנען אין די הענט, האָט זי גע־וואָלט אויסבטלען אַלע חלומות; נאָר אפרים האָט זיי מיט אַ גליקלאכן שמייכל צוגעצויגן.

טרויעריק זיינען די קינדערלאך געשטאנען פאר אים מיט די פאָנען אַראָפּגעלאָזט, ווי אַ חיל צום אונטערגעבן זיך. זיי האָבן קוים דערקענט זייער רבי׳ן. אויפ׳ן אָרט וואו אַמאָל האָבן געפלאַמט צוויי באַקן, זיינען היינט צוויי גריבער. די נאָז איז לענגער און שפּיציקער געוואָרן. עס זעט אין גאַנצן אויס נאָר ווי אַ שאָטן פון׳ם רבי׳ן. גע־בליבן אין אים זיינען נאָר די צוויי גוטע ברענענדיקע און ציענדיקע אויגן.

— צאן קדשים! פריילאך אין קלויז?

די קינדער האָבן זיך דערשראָקן פאר׳ן קול. עס האָט זיי אויסגעוויזן, דער רבי רעדט מיט זיי דורך אַ וואנט.

— ניין! האָט איינער געענטפערט.

— ניין?!

אַ כמארע איז אים איבער׳ן פּנים אריבערגעלאָפן. באלד האָט ער אויף זיי געעפנט ליכטיקע אויגן.

— צאן קדשים! איר וועט מיך פירן אין קלויז אריין?

— יאָ, יאָ, רבי! האָבן אלע פריילאך געענטפערט.

— האָרכסטו! גיב מיר מיין שטריימל מיט דער שבת׳דיקער קאפּאָטע.

די אפרימ׳קע האָט אויף אים אויסגעשטעלט אַ פּאָר

אויגן. זי האָט זיך ניט געגלויבט, צי מיינט ער דאָס ערנסט.

„היינט גיי גלויב אַ מאַנסביל — טראַכט זי בײַ זיך — אז ער קרעכצט"...

זי האָט געפּרואווט געבן אים די הלבשה. ער האָט זיך שווער אָנגעטאָן, ביי יעדן ריר האָט ער זיך פאַרביסן אַ ליפּ, און אַ רויטלאַכער שיין האָט זיך געוויזן אויפ׳ן פּנים. די יום־טוב׳דיקע נשמה, וואָס האָט זיך אריינגעצויגן אין אים האָט געוואָלט אָפּלייקענען דעם חומר, אז להד"ם, ס׳איז אַ ליגן! ניטאָ קיין שטעכעניש, קיין קאָפּ־דרייעניש, קיין שווערער אָטעם — גאָר ניט.

שווערלאַך איז ער ארויסגעגאַנגען. די קינדערלאַך האָבן אים אונטערגעהאַלטן. נאָר בּיסלאַכווייז האָט ער זיך בייגעקומען. די קינדער האָבן אריינגעבראַכט אַ געזונטן רבי׳ן אין קלויז אַריין מיט אַ פריילאַכן מאַרש.

אַ שמחה איז געקומען אויפ׳ן קלויז: „אָט, וואָס קינדער קאָנען!" האָבן זיך פּאָטער׳ס פאַרוואונדערט.

אפרים האָט פאַרגעסן זיין שטעכעניש. ער האָט זיך אין גאנצן ארויסגעצויגן פונ׳ם גוף. ער זינגט אויף זיין שטייגער: „הושענא ציון המצוינת!" ער איז ניט אין דעם עולם: ער שוועבט ארום ירושלים, אויפן הר המוריה, ער מאַכט הקפות אַרום בית המקדש...

— צאַן קדשים! משיח וועט קומען?

— יאָ, רבי!

— וואוהין וועט ער אונז פירן?

— קיין ארץ ישראל!

— און אז איך וועל ניט...

— וועלן מיר אייך טראָגן אויף די פּלייצעס! —

האָבן די קינדער אויסגעכאַפּט און פאַרלאָפן מיט זייער
ענטפער.

א פלוצימדיקע שמחה איז געקומען אויפ'ן עולם.
אלע האָבן געגלויבט צו זען אין די קליינינקע — משיח'ס
דור. מיט אמאָל האָט אויסגעריסן ביי אלעמען א ווילדער
געזאַנג, וואָס האָט אויסגעזען ווי א געשריי פונ'ם האַרצן
ארויס, און וואָס קומט נאָר צו פאַרשרייען די נאַרעשע
ווירקלאכקייט...

---

אז אפרים איז אומגעפאלן, איז ער ניט געפאלן גלייך
אויף דער ערד. קינדערלאך האָבן אים דערכאַפּט ביי די
ארבל און האָבן אים פאַמעלאך אַפּגעלאָזט.

שטיל איז געוואָרן מיט אמאָל. היבשע עטלאכע מי־
נוט נאָך דעם האָט זיך קיינעם ניט געגלויבט, אויב ער
האָט געלאָזט די הייליקע נשמה: א שמייכל איז אים
געבליבן אויסגעגאָסן אויפ'ן בלייכן פנים. עס האָט אויס־
געוויזן, ער זינגט אין זיך.

להד"ם — לא היו דברים מעולם: עס איז גאָר קיינמאָל
ניט געוועזן. ס'איז א ליגן.

---

## פראגן

אין וואָס פאר א זין איז אפרים געוועזן א נע־ונד'ניק?
וואָס איז געוועזן אפרים'ס באַציאונג צו די מענטשן און צו די
קינדער? וועלכע צוויי זאכן האָבן אים פאַרשאַפט גליק און
צופרידנקייט? ווי אזוי איז אפרים געשטאָרבן?

# ביים טייך



ז מען פרעגט ביי יאַנקעל „דעם וואסער־דיקן": ווי לאנג שטייט שוין זיין הייזל דאָ אויפ'ן ברעג טייך? — נעמט ער ציילן פאַר אייך אויף די פינגער: איינס, צוויי, דריי, פיר... פיר גרויסע געוויסערן א חוץ קליינע, געדענקט ער אויפ'ן שטיבל. וויפיל יאָר איז אריבער פון איין געוויסר ביז'ן צווייטן — דאָס קאָן אייך יאַנקעל ניט זאָגן: ווייל די יאָרן זיינען ביי אים אזוי ענלאך איינס אויף דאָס אַנדערע, אַז אַלע אינאיינעם פאַרפלאָנטערן זיך אין איין לאנגער צונויפגעקנייטשטער שטיק צייט, — א פאַרפלאָנטערט שטיק פיש־נעץ, וואָס דארף זיך געפינען צווישן איין געוויסר און דעם אַנדערן. עס זיינען פאַראַן אין דעם שטיק צייט זיסע נעכט, ווען ער לייגט זיך ווי א בן־מלך און זיין מולטער־שיפל, וואָס גליטשט זיך אויפ'ן גלאטן, שטילן וואסער, פון הינטן שלעפּט זיך נאָך א נעץ אין דער שטיל און ווערט וואָס פולער, וואָס שווערער פון גאָט'ס ברכה, פון אלערליי פיש... פיש, זאָגט יאנקעל, איז א אידישע כשר'ע זאך, באשאפן געוואָרן פאר שבתים וועגן, אפילו פון טאַקסע זיינען זיי דאָך פּטור!

---

געוויסערן: פאַרפלייצונגען. ווען דאָס וואסער גייט אריבער די ברעגעס פון טייך.

טאַקסע: אָפּצאָל.

עס זיינען פאַראַן אין דער צייט בייזע פרייטיקן ווען ער דאַרף זיינע פיש פאַרקויפן די זיצערינס, וועלכע מוזן אי „קנייפּן" ביים וואָג אי „ציפּן" פונ׳ם פרייז. יאַנקעל האָט שוין באַמערקט אַז דאָנערשטיק און פרייטיק זיינען אַלע ווייבער קליפּות, וואַסער־שלענג.

עס זיינען פאַראַן אין דער צייט שבתים. שבת איז עפּעס א באַזונדערס, וואָס איז ניט קיין מחותן מיט יענע טעג. שבת גייט ער דאַוועגען אין שטאָט אריין, און אַז ער קומט אהיים, עסט ער ניט קיין וועטשערע, נאָר א „סעודה" מיט קידוש פאַר און זמירות נאָך דער סעודה. אין די זומערדיקע אָוונטן זעצט ער זיך אוועק ביים ברעג טייך אינאיינעם מיט ווייב און קינדער. יאַנקעל זאָגט: דער טייך ווייסט אויך פון שבת. איר זעט דען ניט? ווייזט ער די קינדער, אָט קוקט ווי ער רוט:

און קינדער קוקן און זעען.

— ווייסט פון וואַנען גאָט האָט באַשאַפן פייער? — נעמט ער דעם קליינעם זון, א חדר־אינגל, פאַר׳ן בעקל און פרעגט:

— פון וואַנען? שפּאַרט יענער אויס אייגלאַך, וואָס פינקלען אין דער שבת׳דיקער טונקעלקייט, וואָס ביים טייך.

— פון וואַסער!

— פון וואַסער?

— פאַרשטייט זיך, ער האָט געריבן די אויבערשטע וואַסערן אָן די אונטערשטע, איז ארויס פייער, אַז ניט,

קנייפּן ביים וואָג: ניט וועגן פינקטלאַך. ניט דערוועגן.
ציפּן פונם פרייז: אראָפּדינגען, נישט באַצאָלן.
וועטשערע: אָוונט־עסן.

נארעלע, ווי דען וואָלט וואסער געקאָנט לעשן פייער?

מיט די מיידלאך לאָזט ער זיך ניט אריין אין אזעלכע טיפע חקירות. דאָס זיינען פלאטשעקע קעפלאך. זיי פרעגט ער נאָר רעטעניש:

„ניט אויפ'ן הימל, ניט אויף דער ערד; ניט קיין פיס, ניט קיין הענט; וואוהין מען שיקט עס, גייט עס, וואָס מען הייסט עס, כאפט עס — וואָס איז דאָס?" און ער לאָזט זיי פיל ניט טראכטן: איר ווייסט ניט? סטייטש — א שיפל! א שיפל! אויפ'ן וואסער!....

גאָט'ס שטול, זאָגט ער, איז פון פייערדיק וואסער... ווען דער מענטש זאָל ניט זיין זינדיק, וואָלט ער געוואוסט צו פראוועז פון פיש אַלערליי מאכל-מלכים. מיט וואַסער בענטשט גאָט די צדיקים און שטראָפט די רשעים. אין א געוויסר הערט מען גאָט'ס קול.

קומט צו רייד פון געוויסערן, פאלט ער אריין אין זיינע „פיער איילן", און עס ווייזט אויס, אז יאנקעל האָט געבלאָנדזשעט אין דער פרעמד, און איז פלוצלונג געקומען אין זיין היים.

קינדער רוקן זיך צו נענטער. סאָסיע דאָס ווייב, דרייט זיך אוים מיט'ן פנים צום שטיבל, און יאנקעל דער־ציילט פון געוויסערן:

„דאָס ערשטע געוויסר האָט פארכאפט ביינאכט. שטיל, נאָר פינצטער איז דער טייך געווען פון פאר־נאכט אָן, ווי אן אשה רעה. פישער האָבן ליב אזא וואַ־

---

פראוועז: מאכן. צוגרייטן.

מאכל-מלכים (מאכעל מלאכים): קעניגלאך עסן. גוטע עסנס.

אשה רעה (אישע ראע): א שלעכטע פרוי.

סער: טונקל וואסער גיט פרנסה. נאָר איך... פון תמיד אָן — אזא טבע ביי מיר — אז איך זע ניט קיין לבנה און שטערן אין טייך, חלומ׳ען זיך מיר בייזע חלוֹמות.

ביינאכט האָט מיר עמעצער אָנגעקלאפט אין פענצ־טער. אויפגעשטאנען, ארויסגעגאנגען. א נפש ניטאָ. ווער האָט עס געקאָנט קלאפן?

ביים טייך איז ניט שטיל; טראכט איך — ווער זאָל זיך דאָרט קריגן אזוי שפעט? מען שרייט זיך איבער איינאנדער... איך פארשטיי ניט קיין וואָרט...

זאָג איך „ויהי נועם" און לאָז זיך צום ברעג. וואו איז דער ברעג?

דאָס וואסער איז מיר אקעגן געגאנגען קפיצות־ארץ.

די ניש־גוטע, וואָס ביים וואסער, האָבן מיך פאר־שריגן, און אז איך האָב זיך אָנגעשטויסן, וואָס דאָ איז, האָב איך זיך קודם־כל געוואָרפן צום מיליטער שיפל. שוין פארמאָגט אן אייגענס. א פליג אָן פליגעלאך קאָן נאָך קריכן, א פישער אָבער אָן א שיפל איז א פיש אויף דער יבשה.

אַ אינגעלע געהאַט, א יאָסעלע, מיט א געקרויזט קע־פעלע. ווען דאָס וואסער זאָל אים ניט געווען אויסכאַפּן, וואָלט ער געלערנט בעסער פאר אייך אלע, שקצים, וואָס איר זענט!

---

טבע (טעווע): נאַטור, געוואוינהייט.

ויהי נועם (וויהי נויאַם): עס זאָל זיין דער גוטער ווילן פון גאָט. א תפילה, וואָס מען זאָגט, ווען מען איז אין געפאר. איינע פון די תפילות פון קריאת שמע לייענען, וואָס פרומע אידן זאָגן פארן שלאָפן גיין.

— ווי אזוי אויסגעכאפּט ? — פרעגן די קינדער אויפ־געררייצט.

סאָסיע לאָזט ארויס א זיפץ אין דער שבת'דיקער לופט אריין, און יאַנקעל בייט דאָס אָרט און זאָגט :

ניט אים, ניט מיך האָט דער טייך געמיינט. א שלעכ־טן שכן געהאַט ביים ברעג, א שטיקל פריץ; זיינע הינט פלעגן תמיד אָנפאַלן. גאָט זאָל אייך היטן פון אַ שלעכטן שכן. ביי אים האָט דאָס וואסער אויסגעריסן בנינים, פולע קאמערן, בוימער. גאָט האָט זיך גערעכנט מיט אים פונ'ם וואסער.

— נו ?

— געשוואומען איז זיין גוטס אויפ'ן וואסער. חוזק האָט גאָט געמאַכט פון אים : אנו, רייץ אָן דעם הונט אויף מיינע כוואליעס. אָט זעסטו דיין פארמעגן, קום נעם עס דיר אָפּ.

— נו, נו ?

— דאָס וואסער האָט שוין געהאַט ארומגענומען מיין שטיבל פון אַלע זייטן, נאָר מיט חסד, די ווענט זיינען געוועזן פון אונטן געלעכערט — אויבן אָרום איז דאָס וואסער אריין, הינטן ארום — ארויס. נאָר האָט דער נישט־גוטער אָנגעטראָגן דעם שכנ'ס קאמער, אָנגעקלאַפּט אינ'ם שטיבל און אוועק איז עס אינגאנצן מיט'ן וואסער !

— וואָסער שטיבל ?

— אָט דאָס וואָס איר זעט, פישעלאך מיינע !

— שטייט עס דאָך !

— איך זאָג דאָך אייך : ניט מיך האָט דאָס וואסער געמיינט. איך בין אויף דעם צווייטן־דריטן טאָג נאָכגע־לאָפן מיט'ן וואסער. ווען וואסער איז א קללה, ווען

— א ברכה. דארפסט ניט קיין פערד! נעם זעץ זיך אריין אין שיפל און זאָג: וואסערל, פיר מיך! נאָכגעלאָפן, געפונען א ברעטל, א שוועל, א שטיק דאך, אפשר האָב איך גענומען עפעס פרעמדס, זאָל מיר גאָט מוחל זיין: האָט דאָך עמעצער מיינס גענומען! אויפן וואסער איז ניטאָ מיינס־דיינס. צוויי וועגט מיט'ן דאך צוריקגע־שטעלט. די נייע צוויי וועגט האָב איך שוין שפעטער צו־געבויט.

— אלץ אויף דעם אייגענעם אָרט?

— פארשטייט זיך! ביים ברעג! ווען ניט ביים ברעג, ווי וואָלט איך געוועז קאָנען צוריקכאפן דאָס שטיבל פון צווייטן געוויסר?

גענטער רוקן זיך די קינדער ארום אים. דאָס קליינע חדר־אינגל כאפט זיך אים ארויף אויפ'ן אקסל, א שטילע לבנה שווימט ארוים אויפ'ן הימל. דער אלטער יאנקעל נעמט דעם קליינעם פאר'ן אויערל: שקץ איינער! קאָנסט קידוש־לבנה אויסוויינִיק? פארוואָס בעטסטו מיך ניט איך זאָל דיך אַמאָל נעמען אויפן שיפל מחדש זיין די לבנה אויפ'ן וואסער?

ביים צווייטן געוויסר — דערציילט דער אַלטער — בין איך שוין געווען א „פארפונדעוועטער" בעל־הבית. דערפאַר איז דאָס צווייטע געוויסר אָנגעפאַלן אויף מיר פלוצלונג אין מיטן העלן טאָג.

---

קידוש לבנה: בענטשן די לבנה. ווען די פולע לבנה באַ־ווייזט זיך אין מיטן חודש איז א מנהג ביי אידן זי צו באַגעגנען מיט ספעציעלע תפילות, וואָס ווערן געזאָגט אין גאַס ביים שיין פון דער לבנה.

מחדש (מכאַדעש) זיין: באַנייען. מחדש זיין די לבנה מיינט דורכפירן די צערעמאָניע פון קידוש לבנה.

אין דרויסן האָט געשיינט די זון ; צופיל געשיינט. איך האָב תמיד פיינט אזא זון. אין יענער נאכט — געכאַפּט אין דער נעץ אַ פּאַרזעעניש : ניט פיש, ניט ראַקעס, אַ משונה׳דיק באַשעפעניש, דאָס ווייזט תמיד אויף אַ שלעכטן פיש-מאַרק.

שיין, שטיל, נאָר איין זייט הימל — שוואַרץ, א גראָ-בע שוואַרצקייט, און ווייטע דונערן פון אונטער די בערג. ווייטע דונערן פאַרשטייט מען בעסער. ממש אויף אונזער לשון ריידן זיי דעמאָלט. נאָר פאַר ווייטקייט הערט מען ניט אזוי, דור-דור-דור-דוררררר !. . . א בליץ ראַנגעלט זיך צווישן. עפּעס האָט דאָך דאָס א פּירוש. זי, די מאַמע, ברעכט שוין די הענט : „עס זאָל זיין צו גוטן !" ווייבער האָבן ליב תמיד אויסצולייגן אויף שלעכטס.

איך זע — מיין טייך דערקענט מיך שוין ניט. אַ פּרעמדע פּעל האָט ער אויף זיך גענומען. צורר-זורר ! וואָס איז עס פאַר א לשון ? וואָס פאַר א מין איילעניש אין גאָט׳ס שליחות ? עפּעס א בעטל שווימט ! ווארף איך זיך צו מיינע כלי-זין. פאַרגייט מיך דער טייך פון הינטן ; וואַרף איך זיך צו מיין שיפל. סאָסיע, — שריי איך, — העלף מיר דאָס שיפל צום ברעג פאַרטראָגן! נאָר וואו איז זי ? זי טראָגט אַ קינד מיט׳ן קויש ברויט. גוואַלד — שריי איך — צו איר, דער קויש וועט ניט ראַטעווען דאָס שיפל, און דאָס שיפל וועט דאָך אַלץ ראַטעווען !

עפּעס שרייען זיי צו מיר. איך הער ניט. מאַכן זיי מיט די הענט... קוק איך זיך אַרום : אַ וואַסערדיקער באַרג גייט אויף מיר פון אויבן, דער טייך איז ארוים פון

---

פּירוש (פּיירעש) : אַ טייטש, אַ מיין.
כלי-זין (קליי זאיען) : געציי.

די כלים, קליפות האָבן זיך צעשפּילט אין אים. שווער דער גאַנג, איך בין אין וואַסער. קולות. . . גאָטס קול הער איך אונטער מיר, זאָג איך: „לישועתך קויתי“, און וואַרף זיך אין מיין שיפל.

גאָט׳ס צאָרן האָט יענעם טאָג ניט פיל געדויערט. א בייזע שעה איז דאָס געווען, א וואַלקן, פון ים המלח, אפּנים, זיך אַנגעטרונקען, און האָט זיך צעריסן איבערן ברעג.

דער באַרג איז צוריק אין זיין רו אַריין, נאָר דאָס שטיבל אונזערס איז ניטאָ.

גאָט׳ס השגחה: ביז איך האָב צונויפגעקליבן די ברעטלאַך (דער דאַך איז דעמאָלט פאַרפאַלן געוואָרן, געמוזט מאַכן א נייעס), האָט דערווייל אויסגעטריקנט דאָס אָרט, און איך האָב זיך שוין געשטעלט בויען.

„זי“ האָט דעמאָלט איינגעליינגט די וועלט: סטייטש, זי וויל שוין ניט בויען דאָ! בעסער א באַגרעבעניש אין שטאָט, אַבי ניט ביים טייך! אַ ווייבערשער שכל! וואו האָסטו נאָך אַזאַ זיכער אָרט, ווי ביים טייך?! קאָנסט מיט׳ן שיפל נאָכלויפן און כאַפּן און צוריק בויען! אין שטאָדט א חורבן — מיט וואָס קאָנסטו אָפּראַטעווען?

און נאָך פון א געוויסער האָט יאַנקעל צו דערציילן, וואָס איז געקומען פון א פאַלשער „וויעסנע“. נאָך האָט מען המנ׳ען ניט אָפּגעקלאַפּט אין קלויז, און שוין האָט די זון זיך צעשיינט מעשה זומער. דאָס אַייז האָט געבראָכן, איידער ס׳האָט געלאָזט. קריעות האָבן זיך געלאָזט אי-

לישועתך קויתי: צו דיין הילף האָב איך געהאָפט. אַ קאַפּיטל פון תהלים, אַ תפילה פון קריאת שמע לייענען.

וויעסנע: פרילינג. א פאַלשע וויעסנע, ווען עס ווערט מיט אַמאָל וואַרעם איידער דער ווינטער איז נאָך אַריבער.

בער'ן טייך. אַ פישער איז גרינג אויף דער דעה, דערזען אַן אָפּגעריייניקטע שטיקל טייך, האָב איך געמאַכט „שהחיינו" און געלאָזט זיך מיט'ן מולטער־שיפל; א ברכה אויף דיר, מיין טייכל! אַ ברכה אויף אייך, פישעלאך! נאַר. . .

קריעות גנב'ענען זיך אונטער. אַ קריעה אויף א קריעה. קריעות זיינען גלגולים פון פאַרביסענע רשעים. קוקסט זיך אַרום, ביזט ארומגערינגלט. קראַק־קראַק — מה רעש? א קריעה צו קריעה, א קריעה אויף א קריעה, א פישער איז גרינג אויף דער דעה. טרעט איך ארויף אויף א קריעה, און גלויב, אז — ניטאָ נאָך קיין פרייער וועג מיט וואסער, וועל איך זיך אַרויסשלעפן איבער'ן אייז. בויגט זיך די קריעה, „מודים" — פאַל איך אויף אַ צוויי־טער. וואַרפט זי מיך אַראָפּ צווישן צוויי אַנדערע. כאַפּ איך זיך אַרויף אַן אָפּגע'טובל'טער אויף איינער פון זיי. מאַכט זי זיך אַ וועג און לאָזט זיך מיט מיר אין „ים הגדול" אַריין.

די ברעגן גייען ארונטער, איך גיי פאַראויס. א קריעה לויפט מיר נאָך, א קריעה גייט מיר אַקעגן. מיינע האָט זיך צעבראָכן אויף צווייען, און צוגעשטאַנען צו א בריק, פון אייז. איך זאָג אייך נאָכאַמאָל: קריעות זיינען גלגולים פון שטומע רשעים. אַ סימן אז איך בין ארוים, האָט מיר אויף צוויי טאָג אָפּגענומען דאָס לשון. דאָס האָט אויף מיר שולט געוועזן די אייז־קליפּה.

---

קריעות (קריעס): שטיקער אייז.
גלגולים (גילגולים): גייסטער, נשמות פון מענטשן, וואָס גייען נאָכ'ן טויט איבער אין ניט מענטשלאכע זאכן.
מודים: א תפילה בעת וועלכער מען בוקט זיך.
שולט (שוילעט) געווען: געהאַט א מאכט, געהערשט.

## דאָס שטיבל האָט דעמאָלט שטאַרק געליטן.

אזוי האָט יאַנקל צו דערציילן פון נאָך אַנדערע גע־וויסערן, און פון יעדן געוויסר אַ באַזונדערע מעשה, וואו השגחת הבורא שטעכט די אויגן און ווי ביי יעדן מאָל האָט זיך סאָסיע איינגעשפּאַרט: אין שטאָט אריין! און דער שכל האָט איר ניט געטראָגן משיג צו זיין די מעלה פון וואסער, וואו אַ שטוב לעבט לאנג. כל זמן דאָס שיפל לעבט, איז דאָס שטיבל באַוואָרנט.

פיל צייט איז שוין דורכגעגאַנגען איבער יאַנקל׳ס שטיבל אָן געוויסערן. צייטן האָבן זיך געביטן. ניטאָ יענע דונערן; ניטאָ יענע בליצן; ניטאָ שוין יענע וואסערדיקע בערג אויפ׳ן טייך. ניטאָ מער יענע טרעפּעניש, וואָס האָבן געשטעלט אַ סוף צום אלטן, און אָן אָנהויב צום נייעם.

דער טייך האָט זיך אָנגעהויבן פירן מיט דרך ארץ.

נאָר יאַנקל׳ס שטיק פּלאַץ ווערט אַלץ איינגעשרומפּן.

דער שטילער בעל־דרך ארץ שניידט זיך אין ברעג אריין.

פון טאָג צו טאָג ווערט סאָסיען נעענטער צו טראָגן פון טייך וואַסר. ווען שניידט ער דאָס? ביינאַכט, אַפּנים.

נאָענטע שכנים זיינען זיי שוין — יאַנקל מיט׳ן טייך.

איין וואנט נעצט שוין, פון אומגליק איז ווייט: דער טייך וועט שוין ניט אָנפאלן, נאָר דאָס שטיבל מוז מען איבער־רוקן. יאַנקל האָט אָפּגערוקט דאָס שטיבל. דעם טייך איז אומעטיק אליין צו בלייבן: ער גייט נאָך.

עס איז געקומען די צייט אריינצוקלייבן זיך אין ישוב.

סאָסיע האָט זיך גענומען צו שטוב־זאכן, ווי איר טבע פון יאַנקל׳ס פּלאַץ איז שוין גאָרנישט געבליבן.

---

משיג (מאַסיג) זיין: באַנעמען, פאַרשטיין.
ישוב: אַ באַזעצט אָרט, אַ קאָלאָניע, אַ שטאָט.

איז פון תמיד. דאָס ערשטע האָט זי זיך גענומען צום קויש ברויט. דערנאָך האָט זי געמאַכט קליינע בינטעלאך, עס זאָל זיין לייכט צום איבערטראָגן. יאַנקל איז געשטאַנען מיט דער פלייצע צום טייך, און האָט איר געהאָלפן.

ס׳איז געקומען צו די שטריק און צו אַלע וואסער כּלי-זין. . . יאַנקל האָט זיי אַלע צונויפגעקליבן. און האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישן זיי.

ער האָט יעדערן פון זיי באַטראַכט.

די שטריק האָבן אים אָפּגעראַטעוועט אַ קינד.

אַ נו, פאַר אַ בעלן — וויפיל האָבן זיי מיך געקאָסט ?

ער רעכנט און ציילט אויף די פינגער.

„אין שטאָט זיינען זיי גוט אויף גרעט צו הענגען“.

אים האָט פּלוצלונג אָנגענומען אַ האַרץ-ווייטיק : ווי איז אַ מענטש מפקיר אַזאַ פאַרהאָרעוועט בעל-הבית׳יש-קייט ?!

און ווידער איז אים געקומען אויפ׳ן געדאַנק די אַלטע שאלה : אַ חורבן ביים וואסער קאָן מען נאָך ראַטעוון, אָבער אַ חורבן אין שטאָט ?. . .

ער האָט געוואָרפן אַן אויג אויפ׳ן איינגעשרומפּענעם פּלאַץ ביים טייך און האָט זיך איבערגעקוקט מיט סאָסיען.

סאָסיע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

---

מפקיר (מאַפקיר) זיין : אויפגעבן, פאַרלאָזן, אָפּזאָגן זיך פון עפּעס.

פראַגן.

איז חיים אַנדערש ווי אַ שטאָט מענטש ? וואָס זיינען די הויפּט שטריכן וואָס אונטערשיידן אים פון שטאָט איינ-וואוינער ? וואָלט אַ שטאָטישער מענטש דערציילט אַזעלכע מעשיות און אין אַזאַ שפּראַך ? וואָס פאַר אַ געפילן טראָגט חיים צום טייך ? אין וואָס דריקן זיי זיך אויס ?

# אויפֿן גאַס



זעמעלאַך-ווייכענקע! בייגעלאַך פּלעצלאַך-געלינקע, פרישינקע, וואַרעמע— קויף!...

דאָס הערט מען אַלע גאַנץ פרי אין די קליינע שטעטלאַך — פון בעקער אינגלאַך, וואָס גייען אויף דער גאַס מיט קוישלאַך „אַפּעטיט" פאַר די אויגן און זינגען דאָס לידל מיט אַלץ איין נוסח, וואָס איז ניט זיס, ניט זויער, ניט פריילאַך, ניט טרויעריק. דאָס לידל קאָן זיך קיינמאָל ניט צונויפמישן מיט'ן רויש פון די גאַסן. עס בלאָנדזשעט ארום אין דער לופט, ווי עפּעס פרעמדס, ווי א קשיא אָן אַ תירוץ, ווי אַן אויסרופסצייכן, וואָס איז אוועקגעשטעלט ניט אויפן ריכטיקן אָרט. שלעפעריק גייען באַ זיי אַרויס פון מויל די שבחים פון די „זעמעלאַך, פּלעצעלאַך, בייגעלאַך", אַלע טאָג אויף איין אופן. אַ גרילץ טוט עס אין אַן אויער דעם פאַרבייגייענדיקן.

דאָס ליד צעגייט זיך אין דער לופט, שלאָגט זיך דורך די גרויסע און נידעריקע פענצטער און טרעפט דאָרט פאַר שידנע מענטשן אין פאַרשידענע לאַגעס.

עס שלאָגט זיך דורך די הויכע פענצטער און עס טרעפט דאָרטן „מ אַ מ ז ע ל ן" אין די בעטן נאָך אַ

---

מאַמזעלן — מיידלאַך. אַ פראַנצויזישער וואָרט, וואָס ווערט באַנוצט אין אַ שפּאָטישן אופן, צו באַצייכנען אַזעלכע מיידלאַך וואָס פירן זיך ווי אַריסטאָקראַטקעס.

שווערן חלום". . . זאָט האָבן זיי זיך געלייגט, זאָט האָבן זיי זיך אויפגעכאַפּט. אומגליקלאַכע נפשות; דאָס עסן פאַרלויפט זיי תמיד, איידער זיי ווערן הונגעריק. זאָלן שוין די זעמל מיט די בייגל צען מאָל אזוי גוט זיין, וועט עס זיי ניט נעמען. ניט זעמל און בייגל האָבן זיי אין חלום געזען.

היינט וועלן זיי קיין איבערבייסן זיך שוין ניט קאָנען צוקלייבן: וואָס מען וועט זיי געבן, וועט זיי ניט געפעלן. פאַרפאַלן, אָן א טרער וועט עס היינט שוין ניט אָפּגיין.

און עס כאַפּט זיך דאָס ליד אריין אין די קליינע, האַלב פאַרזשאַווערטע, שייבעלאַך, און עס טרעפט דאָרט לײדיקע בעטן; דער פאָטער און די מוטער זיינען שוין לאַנג ארויס אין דער גאַס — שמעקן וואו ערגעץ אַ פאַרדינסטל, פון וועלכן עס קאָן ארויס אָנבייסן מיט וועטשערע. די קינדערלאַך ווארטן ניט אויף זעמלאַך, פלעצעלאַך און בייגעלאַך; אַ פראָסט שטיקל ברויט האָט די מוטער צוגעזאָגט צו ברענגן. דערווייל לײדן זיי הונגער, און וויינען בחברותא, דער טאָג גייט נאָכ'ן פרימאָרגן: אַ גאַנצן טאָג וועלן זיי שוין וויינען.

„זעמעלאַך. . . ווייכענקע. . . בייגעלאַך , , , פרישינקע. . . פלעצעלאַך. . . הייסינקע!"

שלעפעריק, אַיינעסנדיק גייען די שבחים אַרויס פון מויל. עס גרילצט אין די אויערן. אזוי היינט, אזוי וועט זיך עס מאָרגן הערן. בייז מאַכט עס דיך, ווען דו הערסט עס; און עס ווילט זיך דיר פאַרשיטן די שרייענדיקע מיילער מיט זאַמד; פאַרשטומט זאָל עס ווערן! ניט רייצן די

בחברותא (בכאַוורוסע): אין געזעלשאפט, אלע צוזאמען.

הונגעריקע, ניט עקלען די זאַטע!

נאָר אַז חיימ'קע דער אלמנה'ס האָט געשפּאַנט אין דער פרי איבער דער גאַס מיט'ן קוישל אויפ'ן האַלז, מיט יצר־הרע פאר די אויגן, און האָט אַ זינג געטאָן, „זע־מעלאך, פלעצלאך, בייגעלאך" — איז גאָר עפּעס אנדערש געוואָרן.

אַן אַנדער נוסח, אַן אנדער קול'כעל איז דאָס.

ניט אומזיסט האָט אים אַ גרויסער חזן געוואָלט אריינגעמען אין זיין חברה־זינגערלאך.

חיימ'קע האָט זייער געוואָלט מיטפאָרן; ער האָט זייער ליב נגינה.

איז אָבער די מוטער ניט באַשטאַנען: דאָס ערשטע יאָר נאָכ'ן מאַנ'ס טויט — האָט זי איבערגעטראַכט, טאָ־מער וועט חיימ'קע אונטערוועגנס דעם קדיש ניט אָפּהיטן. אַ שווער לעבן האָט אָפּגעלעבט איר גדליה — אַ גוטן זכות זאָל ער טראָגן. אָרעמקייט, הונגער, קעלט, שווערע אר־בעט — אַלץ האָט ער פאַרזוכט. געשטאָרבן איז ער נאָך שווערער: יאָרן האָט ער אָפּגעקרענקט — זאָל ער כאָטש אַצינד אין גן־עדן האָבן מנוחה — זאָל אים דער קדיש אין דער פרי און אויף דער נאַכט ניט געשטערט ווערן.

שפּעטער, אז זי איז קראַנק געוואָרן, האָט איר באַנק געטאָן, וואָס זי האָט אים ניט איבערגעגעבן דעם חזן: א קראַנקע אלמנה, אַ צעבראָכענע, ניט קיין שכר למוד קאָן

---

יצר־הרע: דער שלעכטער גייסט. פאַראַן א גלויבן, אז דער מענטש האָט אין זיך צוויי גייסטער, א גוטן און א שלעכטן. איינער רעדט אים אָן צו טאָן גוטס, דער צווייטער — שלעכטס. דער שרייבער רופט אָן דאָס געבעקס יצר־הרע, ווייל עס רייצט חיימ'קען צו עסן, כאָטש ס'איז ניט זיינס.

זי צאָלן, ניט האָדעווון קאָן זי אים. זי האָט זיך אליין ניט וואוהין צו פארטאָן, אי, וואָס? מיט׳ן קדיש — דאַרט ? איז זי אָצינד גאָר ברוגז אויף איר גדליה: אז ער מיט זיך דאַרט ניט פאר איר ביים בית-דין-של-מעלה, איז א סימן, אז ער האָט דאָרטן צופיל מנוחה: אזא טבע פלעגט ער אויך ביים לעבן האָבן, אָפגעשייט זאָל ער זיין! דאָנערשטיק האָט מען אים געדאַרפט פלעקער אויפ׳ן קאָפּ טעסן, ביז ער האָט פאַרזאָרגט די מולטער מיט מעל אויף שבת.

באַנק האָט איר געטאָן, נאָר קיין חזן איז שוין מער ניט דורכגעפאָרן.

איר איז איינגעפאַלן צו פאַרדינגען חיים׳קען פאַר א בעקער-אינגל: „ביי אַ בעקער וועט ער אי זאַט זיין און וועט עפּעס נאָך פאַרדינען אויך“.

שווער איז איר אָנגעקומען, איידער זי האָט אים פאַרטאָן. בעקערס האָבן מורא פאַר אויסגעהונגערטע אינג-לאַך, וואָס האָבן נאָך דערצו הונגעריקע מוטערס אין דער היים: ער קאָן נאַשן, באַ׳גנב׳ענען און אהיימטראָגן; דערנאָך ביי וועמען וועסטו דיינס מאָנען ?

אודאי ווען ראָטשילד׳ס קינדער זאָלן וועלן טראָגן גע-בעקס, וואָלט עס זיכערער און באַוואָרנטער געווען.

האָט זי זיך צום סוף געוואָרפן צו דניאל דעם בעקער. דער איז א קרוב, א פשוט׳ער שני בשני געווען מיט גדליה׳ן, אָפגעשייט זאָל ער זיין.

נאָר דניאל האָט קיין חשק ניט געהאַט: „גיי הויב

---

בית דין של מעלה (ביים דין שעל מיילע): דאָס אויבערש-שע (הימלעשע) געריכט.

שני שבשני: אַ צווייטער פון אַ צווייטן. אַ ווייטער קרוב.

אָן מיט אַן אָרעמען קרוב, ווערסט זיך קיינמאָל ניט קאָנען אָפּטשעפּן פון אים!"

האָט ער געגעבן דער אלמנה צו פארשטיין, אז ראשית דארף ער גאָר קיין אינגל ניט האָבן. שנית, האַלט ער אין דינגען אַ אינגל, וואָס זשע טויג אים חיים׳קע? שלישית, וועט חיים׳קע ניט טויגן צו זיין זאַך.

האָט די אלמנה געוויינט.

גדליה האָט זיך, אפנים, פאָרט געמיט: דניאל איז באַשטאַנען צו נעמען חיים׳קען אויף דער פּראָבע: אַז ער וועט דעם ערשטן טאָג אים ברענגען פדיון, וועט ער אים דינגען אויף ווייטער.

די אלמנה איז באַשטאַנען. מיט חיים׳קען איז עס נאָך גרינגער צוגעגאַנגען. דניאל האָט מיט אים אויסגענומען נאָר איין תנאי: קוים נאַשט ער א בייגל אָדער עפּעס פון קוישל, איז — פּעטש, ק ו ל א ק ע ם! און דערצו — אַרויסגעטריבן פון דער בעקעריי אַן „שכירות". אין שכירות האָט חיים׳קע אַ קליינעם באַגריף; נאָר אַרויסגעטריבן צו ווערן פון דער בעקעריי, וואו עס וואַלגערט זיך אזוי פיל ברויט, און וואו ביינאַכט איז אזוי וואַרעם צו שלאָפן — איז אודאי א גרויסע שטראָף.

ער גייט ארום גאַנץ פרי א ניכטערער אויף דער גאַס, דאָס ערשטע מאָל מיטן קויש־שטריקל אויפן האַלדז און אַ קוישל כל טוב פאַר די אויגן, דאָס שטריקל שניידט זיך איין אין האַלז, בויגט אים אַראָפּ דעם קאָפּ אזוי, אז ער מוז פאַר זיך זען דאָס, וואָס אין קוישל.

ניכטער גייט ער. איבריקנס איז דניאל אין דעם גאָר

---

קולאקעם: פויסטן. געבן קולאקעם — שלאָגן מיט א פּאַר מאכטער האַנט.

ניט שולדיק: ער ווייסט ניט, אויב אַ קינד קאָן אַזוי פרי עסן, ער ווייסט, אַז זיינע קינדער אפילו אין צוויי שעה אַרום, — דאַרף מען מיט בייזן, מיט גוטן קוים איינבעטן צום איבערבייסן!

חיימ'קע גייט איבער דער גאַס און זינגט:

„פרישע... בייגעלאַך... ווייכינקע זעמעלאַך... שיינעטשקע... וואַרעמע!...

אַ פריש, ווייך קול'כל איז דאָס! אַ זיס טרויעריק ניגונ'דל! עס צופּט ביי דער נשמה, ווי די י ע ל ו ת נאָך „כ ל נ ד ר י".

„בייגעלאַך... שיינעטשקי... גוטינקע,"...

צו בייגל איז גוט?

גוט איז דאָך אפילו אַ פּראָסט שטיקל ברויט נאָך אַ טאָג הונגערן! בייגל מיט זעמל איז נאָך בעסער! טעם גן־עדן דאַרף עס זיין! וואַרעם זיינען זיי נאָך! די פּ אַ ר ע הויבט זיך פון זיי און גלעט איבער'ן פּנים.. אַ ריח האָט עס — אַ טויטן קאָן עס אויך אויפרייסן!

עס ברעכט אים דער שלונג; ער וואַרגט זיך מיט דער ת א ו ה.

אי, וואָלט ער כאַטש איינעם אָנבייסן!

---

יעלות (יאַלעס): אַ נאָמען פון אַ תפילה, וואָס ווערט גע־זאָגט ערב יום כפּור ביינאַכט נאָך כל נדרי. יעדער זאַץ פון דער תפילה הויבט זיך אָן מיטן וואָרט „יעלה", עס זאָל אַרויפ־גיין — די תפילה זאָל אַרויפגיין אין הימל פאַרן כסא הכבוד.

כל נדרי (קאָל נידרע): די הויפּט תפילה פון ערב יום כפּור. צוליב דער תפילה רופט מען דעם אָוונט מיט'ן נאָמען כל נדרי.

פּאַרע: דער רויך, וואָס קומט אַרויס פון אַ וואַרעמע זאַך.

תאוה (טייווע): אַ שטאַרקער באַגער, גלוסטונג.

די ליפּן עפענען זיך... די נאָז-לעכער צעציען זיך. . .
די שווארצע ציינער טוען א ציטער.

„ניין!. . . אסור חזיר!“. . . ער האָט נאָך גאָר ניט געלייזט! אין דער היים ביים בעקער איז פאַראַן אַ זיפּ פול מיט שטיקער ברויט. . . אַז ער וועט קומען מיט פּ ד י ו ן, וועט מען אים מסתמא געבן פון דאָרט.

ער גייט און ציילט שבחים פון געבעקס! „גוטינקע... פרישינקע... ווארעמע... ווייכענקע“... אַנדערע בעקער-איינגלאך זינגען און ער זינגט, נאָר אלע זינגען שלעפעריק איינעסנדיק; זיינס אָבער ציט אויערן, רייסט די נשמה; ער זינגט — ניט איינצורייידן; ער זינגט ערנסט.

צי ווייסט דען עמעצער נאָך אַזוי ווי ער די שבחים פון געבעקס?

ערנסט זינגט ער, פון האַרץ אַרויס. עס צעגיסט זיך אין דער לופט און צעגייט זיך אין די הערצער.

פון די גאָלעגערס רייסט עס אויף. אַז וואויל איז דעם, וואָס חיים׳קעס ניגון האָט אים אויפגעוועקט פון שלאָף: אַ גאַנצן טאָג וועט עס אים שוין ציען צו זינגען.

עס מאַכט ניט אוים, וואָס ער באַזינגט גראָד „זעמל מיט בייגל“; באזינגט דאָס נאָך וואָס ער בענקט ערנסט; א שטיק האַרץ זינגט ער ארוים און עס גיסט זיך אין הער-צער אריין, און עס טרעפט דאָרט בענקענישן. . . האָפנונ-גען. . . חלומות. . . פון אלערליי מינים.

מענטשן לויפן דורך און הויבן אָן איינהאַלטן דעם שפּאַן; עס לאָזט ניט אזוי גיך אוועקגיין.

---

פדיון (פּידיען): לייזונג. געלט.

נעבן חיים׳קען שטייט א ג ע ז ע מ ל. זינגען איז א גרויסער כח.

זינגען אָבער האָבן ליב נאָר זאַטע. זאַטע דאַרפן קיין געבעקס ניט קויפן. דעם הונגעריגן קריכט קיין געזאַנג ניט אין קאָפּ אַריין.

„פרישע. . . וואַרעמקע. . . זעמעלאַך !“. , ,

נאָר די זעמעלאַך זיינען שוין אָפּגעקילט, חיים׳קע האָט אַרום זיך א היבשן עולם, אָבער קיין פּדיון גאָר ניט.

וועט דניאל דער בעקער צופרידן זיין ?

א געזעמל: א גרופּע, א פאַרזאַמלונג פון מענטשן.

---

פראַגן

ווענען האָבן די בעקער אינגלאַך אויפגעוועקט פון שלאָף ? וואָס פאַר אן איינדרוק האָט דאָס געזאַנג פון די בעקער אינגלאַך געמאַכט אויף די מענטשן ? וואָס פאַר אן איינדרוק האָט חיים׳קעס געזאַנג געמאַכט ? פאַרוואָס ? פאַר־וואָס איז חיים׳קעס זינגען געווען אַזוי עכט ? וואָס טוען די מענטשן, וואָס גייען אים פאַרביי ווען ער זינגט ? פאַרוואָס העלפט אים זיין געזאַנג ניט צו פאַרקויפן די זעמעל ?

# צוויי חברים



אָסקע און יאָסעלע זיינען געווען צוויי שכנים און תלמידים אין איין שול. יאָסעלע איז געווען געקליידט שענער פון אַלע קינדער אין שטאָט, ווייל זיינע עלטערן זיינען געווען די רייכסטע אין שטאָט, און יאָסקע איז געווען דער בעסטער תלמיד אין שול.

אַז יאָסעלע פלעגט גאַנץ פרי אַרויסגיין אָנגעטאָן אינם נייעם טולופּל, שטיוועלאַך—אויף צו שפּיגלען זיך אין זיי, אַ גוטן לעדערנעם ראַנצן־טאַש, מיט אַ פריילאַך האַרץ און מונטער געזיכט, פלעגט אים יאָסקע נאָכקוקן דורכן פענצטערל, פלעגט וואַרפן אַן אויג אויף זיינע אַלטע, צע־ריסענע קליידער, אויסגעדרייטע שטיוועלאַך, אומעטיקע פאָטער און מוטער און פלעגט זייער מקנא זיין דעם אויס־געפּוצטן חבר.

אַזוי איז געווען אויף דער גאַס, ביז צום חדר.

אין חדר אָבער איז שוין יאָסקע געווען דער מיוחס.

און יאָסעלע פלעגט זען, ווי דער לערער האָט אַזוי ליב יאָסקען. די בעסטע באַלן כאַפּט ער אויס; אויף וואָס מען פרעגט אים, האָט ער גרייט אַ תשובה אויף דער צונג. און עס פלעגט אים אָננעמען אַ פאַרדרוס: פאַרוואָס? אַזאַ

טולופּל: פוטערנער אויבעראָק.

*) די איינציקע קינדער דערציילונג וואָס שטיינבערג האָט געשריבן אין אידיש.

קבצן ?! אזא אָפּגעריסענער ?! שענער וואָלט דאָך פּאַסטן, איך זאָל האָבן די גוטע באַלן! מיך זאָל דער לערער גלעטן איבערן בעקל!

די קינדער פלעגן זיך איינס־ם׳אַנדערע מקנא זיין. פון דער קנאה איז געוואָרן אַ שנאה. אָפּטמאָל פלעגן זיי זיך אָפּשטעלן אויף דער גאַס און זוכן אַ צופאַל, דורכצו־פּאַטשן זיך.

איינמאָל איז יאָסעלע אַרויסגעגאַנגען פאָרויס, און האָט זיך אָוועקגעשטעלט וואַרטן אויפן חבר. ווי ער האָט אים נאָר דערזען פון ווייטן, האָט ער אים אָנגעהויבן רופן: אָפּגעריסענער!

— קעלבל! — האָט אים יענער אָפּגעצאָלט.

— באָרוועסער!

— קעצענער מח!

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט — די קינדער האָבן זיך דער־נענטערט מיט די פויסטן אין דער לופט.

— אַ נו, פּרוב, הייב־אָן!

— אַ נו, פּרוב, ריר מיך אָן!

בייביידע האָט געברענט אַ פייער אין די אייגעלאַך, נאָר יעדערער האָט געוואָלט אַז שלאָגן דעם חבר, אַז בלייבן אַ גערעכטער. דערפאַר האָט יעדער פון זיי געוואָלט זיין — נישט דער אָנהייבער.

— נו, אָט האָב איך דיך אָנגערירט.

— און אָט האָב איך דיר אַ ציפּ געטאָן.

און נישט צו וויסן, ווער ס׳האָט באמת אָנגעהויבן — האָבן זיך ביידע חברים באַלד געפונען אין מיטן געשלעג. יאָסקע האָט אַריינגעשטעקט די הענט אינם חבר׳ס לאַצן פון טולופּל. יאָסעלע האָט זיך געוואָרפן אויפן חבר׳ס העפטן מיט די גוטע באַלן. פון דאָרט זיינען זיי זיך פאַר־

קראָכן אין די פּנימ'ער. ביידע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, ווי אמת'ע גוטע פריינט, און האָבן איינס־ס'אַנדערע געוואָרפן פון די פיס. קייקלענדיק זיך אויף דער ערד, האָבן זיי זיך נאָך געריסן און געביסן און האָבן נישט באַמערקט, ווי פון ווייטן לויפט אָן אַ פאַעטאָן מיט דריי פערד. אָט־אָט פאָרט ער אויף זיי אַרויף.

— שטיי!! אוי־אוי! — האָבן צוקוקער אין איין קול געשריען.

נאָר די קינדער האָבן קיין געשרייען נישט געהערט, אויסער זייערע אייגענע, און פערד פאַרשטייען נישט קיין אידיש.

אַז מ'האָט זיי אויפגעהויבן פון דער ערד אין חלשות, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביי איינעם איז אַ צעבראָכענער פוס, ביים צווייטן אַ צעבראָכענע האַנט. מ'האָט זיי ביידן אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל און אַוועקגעלייגט אין שכנות'־דיקע בעטלאַך — איינעם קעגן צווייטן.

---

אַז יאָסקע האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך אַרומגעקוקט פאַרוואונדערט: ווער זיינען עם די הויכע ווענט? ווי קומען אַהער יענע גרויסע פענצטער? ווער זיינען די מיידלאַך אין ווייסע פאַרטוכער, וואָס שוועבן אַרום פון בעטל צו בעטל און לאָזן אומעטום אַזאַ שמייכעלע!?...
וואו איז ער? אַ חלום איז דאָס? און אפשר איז ער אויף יענער וועלט, אין גן־עדן?

ער פּרואווט אַ ריר טאָן מיט דער האַנט, און... אוי, אַ ווייטיק!

אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף אַ זייט, האָט ער דערזען

---

פאַעטאָן: קאַרעטע.

דעם חבר אַ בלייכן און האָט זיך דערמאָנט אָן אַלץ, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען. ער האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דאָ איז אַ שפּיטאָל.

עס האָט זיך אים פאַרוואָלט אויפהייבן אַ פּויסט אַקעגן יענעם, נאָר — אוי! וואו איז די האַנט? אוי, אַ ברעכע־ניש דאָס איז!

ער האָט זיך צעוויינט. ער וויל פרעגן, וואו איז זיין פאָטער, זיין מוטער, די שוועסטערלאַך? נאָר ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָ, אין שפּיטאָל, לאָזט מען קיינעם נישט אַריין צו די קראַנקע. אַ פרעמדער איז ער דאָ. אַלץ און אַלע זיינען אים דאָ פרעמד, אַ חוץ אָט־דעם, וואָס ליגט אַקעגן אים.

ער האָט זיך נאָך מער צעוויינט. אויף זיין געוויין האָט זיך געהערט אַ כליפּען פון דעם צווייטן בעטל. אַפּנים, יענער האָט זיך אויך דערפילט דאָ פרעמד.

באַלד איז אויסגעוואַקסן נעבן זיי איינע פון די ווייסע מיידלאַך, וואָס שוועבן דאָ אַרום, און האָט איינגעטיילט דעם — אַ שמייכל, יענעם — אַ גלעט איבערן בעקל.— רואיק—זאָגט זי—קינדערלאַך, ליגט רואיק! מען דאַרף נישט וויינען, אין עטלאַכע טעג אַרום ווערט איר דאָך געזונט!

אין אָנפאַנג פלעגט יאָסקע נישט קאָנען ליידן אויף זיך די האַנט פון יענעם ווייסן מיידל. ער האָט געבענקט נאָך דער מוטערס האַנט, נאָך אַ שמייכל פון זיינע שוועס־טערלאַך. נאָר שפּעטער, אַז ס׳האָט געטראָפן דאָס ווייסע מיידל האָט אָן אים פאַרגעסן, האָט עס אים געקרענקט, און גליקלאַך איז ער געווען, אַז אים איז צוגעפאַלן מער אַ שמייכל, ווי אַנדערע קראַנקע. ער האָט אָנגעהויבן בענקען נאָך די ווייסע מיידלאַך.

— די ווייסע מיידלאַך האָבן אונז ביידע גלייך ליב,— טראַכט ער זיך — ווען זיי קומען צו מיר, פאַרגעסן זיי אויך נישט דעם חבר.

עס איז געקומען פריייטיק. דער וועכטער איז אַריינגעקומען און האָט זיי ביידן אָנגעטאָן אַ נייע הלבשה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ העמד — און שווין. דאָס ערשטע מאָל האָט זיך יאָסקע דערזען אין אַ הלבשה גלייך מיט יאָסלען.

און דאָס ווייסע מיידל קומט אָפּט צו זיי צו, און לויבט זיי ביידן פאַרן דאָקטאָר:

— טייערע קינדערלאַך! זיי פאָלגן אזוי! און וואָס פאַר אַ חכמים דאָס זיינען!

דאָס ערשטע מאָל הערט יאָסעלע, ווי מען לויבט אים גלייך מיט יאָסקען.

אין דער זעלבער פּאַלאַטע איז געלעגן אַ קראַנקער אין גרויס היץ. ביי אים אויפן ברעטל איז געווען אָנגעשריבן: פערציק מיט אַכט צענטל. דער קראַנקער האָט גערעדט פון פייער, געקריגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט. די וועכטער האָבן זיך נישט געפּאַסט פאַראַנאַנדער. דאָס ווייסע מיידל איז געשטאַנען איבער אים אַ פאַרזאָרגטע און האָט אים געלייגט אַ פענכער אייז צום קאָפּ.

און דער קראַנקער קריגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט, מיט עפּעס איינעם, וואָס קיינער זעט אים נישט... פּלוצלונג הייבט ער אויף די האַנט אין דער לופט... קליפּה!— שרייט ער — אַוועק פון מיר!... עס הערט זיך אַ קנאַק איבער דער פּאַלאַטע... אַ געשריי!.. דאָס ווייסע מיידל פאַלט אויף דר׳ערד באַגאָסן מיט בלוט. דער קראַנקער

פּאַלאַטע: אָפּטיילונג.

האָט איר פון היץ אַזאַ פּאַטש געגעבן.

דאָס ווייסע מיידל איז אַרויס פון דער פּאַלאַטע. קראַנקע האָבן זיך אויפגערעגט. יאָסקע מיט יאָסעלען קריצן מיט די ציינער. ווען זיי זאָלן קאָנען, וואָלטן זיי דעם קראַנקן צעביסן, צעריסן פאַר כעס.

זיי האָבן זיך ביידע אַזש צעוויינט פון צאָרן.

— אַ מכה וועט ער זי שוין זען געבן זיך! —טרייסט זיך יאָסעלע, און זאָגט עס צו זיך אויפן הויכן קול.

— נישט קראַנק איז ער אַליין זיך צולייגן דעם פּענכער! — איז זיך אויך יאָסקע נוקם.

נאָר באַלד נאָכדעם האָט זיך ווידער געוויזן דאָס ווייסע מיידל — שוין אָפּגעוואַשן פונם בלוט, מיט אַ געשוואָלענער באַק. זי האָט זיך ווידער אַוועקגעשטעלט ביים קראַנקן, פאַרזיכטיק פאַריכט דעם פּענכער אויפן קאָפּ, געמאָסטן די היץ, און אַז זי האָט אַרויסגענומען דעם טערמאָמעטר, האָט זי זיך פאַרקוקט אויף אים. צוויי טרערן האָבן זיך אַרויסגעקייקלט פון אירע אויגן.

יאָסעלע מיט יאָסקען האָבן זיך ברוגז'ערהייט איבערגעקוקט.

— דאָס ווייסע מיידל איז אַ מלאך — האָט זיך בא איינעם אַרויסגעריסן פון מויל.

— זי האָט אונדז אַלע אַזוי ליב! — זאָגט דער צווייטער.

אַ גאַנצע נאַכט נאָכדעם האָבן זיך יאָסעלען געחלום'ט ווייסע מלאכים מיט געשוואָלענע באַקן און פּערל פאַלן זיי פון די אויגן.

אין דערפרי האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, אַרומגעקוקט און דערזען, ווי באַם חבר איז די דעק אַראָפּגעפאַלן. יענער

מאַטערט זיך זי אויפצוהייבן, נאָר דער פוס איז אים אַזוי באַנדאַזשירט, אַז ער קאָן זיך קיין ריר נישט טאָן.

יאָסעלע האָט אויסגעשטרעקט דעם פוס און אויפגעהויבן מיט אים די דעק, יענער האָט מיט בליצנדיקע אייגלאַך אויף אים געקוקט.

שפּעטער מיט אַ שעה האָט זיך יאָסעלען געוואָלט אַ טרונק. נעבן אים איז געשטאַנען אַ פלעשל קעפיר, נאָר ער האָט מיט דער קראַנקער האַנט נישט געקאָנט דערלאַנגען דערצו. ער האָט נאָר געקוקט אַהין מיט דורשטיקע אויגן און באַלעקט די פאַרטריקנטע ליפּעלאַך.

יאָסקע האָט זיך אָנגעשטויסן. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און דערלאַנגט דעם חבר דאָס פלעשל קעפיר.

יענער האָט אים אָפּגעצאָלט מיט אַ פריינטלאַכן שמייכל.

— יאָסקע! — הייבט יאָסעלע גלייך אָן — ווייסט וואָס איך טראַכט? אַז איך וועל אויסוואַקסן, וועל איך דאָך מסתמא זיין אַ רייכער! נו, וועל איך אויסבויען אַזאַ שפּיטאָל.

— און איך, יאָסעלע, ווייסט וואָס? איך וועל אויסוואַקסן אַ דאָקטאָר! טאַקע אין דיין שפּיטאָל!

— יאָ, יאָ! און מיינע מיט דיינע שוועסטערלאַך וועלן מיר מאַכן פאַר ווייסע מיידלאַך. יאָ, יאָסקע?

— יאָ, יאָ! אַזוי ווי אָט אונזערע פון דאַנען!

און ביידע חברים האָבן פאַרפירט אַ שטילן ליבלאַכן פלוידער, ווי צוויי פייגעלאַך אויף איין צווייגל, און האָבן זיך גענומען וואַרטן, ביז זיי וועלן גרויס ווערן.

פראגן:

מיט וואָס האָט זיך יעדער פון די צוויי אינגלאַך איבער־גענומען? וואָס האָט זיי צעטיילט און געמאַכט פאַר שונאים? וואָס האָט זיי די שנאה געבראַכט? וואָס האָט זיי געמאַכט פאַר גוטע פריינט? וואָס האָבן זיי געלערנט פון דער נוירס אין שפּיטאָל?

## א פאָר באַמערקונגען וועגן דער רעדאַקציע:

אין הסכם מיט'ן ציל, וואָס דער שולן־קאָמיטעט האָט זיך געשטעלט מיט דער אויסגאַבע פון דער קלאַסיקער ביבליאָטעק, איז דער אויסוואַל פון מאַטעריאַל פאַר דעם ביכל באַזירט אויף די פאָלגענדיקע יסודות: א. די ליטעראַריש קינסטלערישע קוואַליטעט. ב. די כאַראַקטעריסטישקייט פון דער זאַך פאַר יהודה שטיינבערג'ס שאַפן. ג. די צוגענגלאַכקייט פון דעם מאַטעריאַל פאַר קינדער פון איבער צוועלף יאָר, וואָס האָבן באַזוכט א אידישע שול וויניקסטנס פון דריי ביז פיר יאָר.

ביים רעדאַגירן דעם מאַטעריאַל זיינען ענדערונגען אין שפּראַך און סטיל געמאַכט געוואָרן נאָר דאָרט, וואו עס איז דורכאויס נויטיק געווען און מיט גרויס פאָרזיכט עס זאָל זיך ניט פאַרלירן אַפילו אַ טראָפּן פון שטיינבערגן.

ביים אויסקלייבן וואָס און אויך ווי צו דערקלערן האָב איך זיך אין גאַנצן געשטיצט אויף מיין דערפאַרונג אלס לערער מיט אַמעריקאַנער אידישע קינדער. אָפּטמאָל האָב איך מותר געווען אויף דער אידיאָמאַטישקייט פון דער שפּראַך, כדי ניט צו דאַרפן מאַכן א דערקלערונג אויף דער דערקלערונג און כדי עס זאָל די קינדער זיין פאַרשטענדלאַך. די דערקלערונגען און אָפּטייטשן זיינען הויפּטזעכלאַך געצילט פאַרשטענדלאַך צו מאַכן דעם טעקסט. דאָרט וואו עס זיינען פאַראַן איינציקע ניואַנסן פון א וואָרט אָדער באַגריף איז אונטערשטראָכן דער ניואַנס וועלכן שטיינבערג האָט אין דעם געגעבענעם פאַל גענוצט.

די דערקלערונגען און אָפּטייטשן דערשיינען אויף יעדער בלאַט אָבער אָן באַמערקונגען, ווי ציפערן אָדער שטערנדלאַך, אין טעקסט. די אָנווייזונגען אין טעקסט זיינען אויסגעלאָזן געוואָרן כדי די הנאה פון יענע לייענער וואָס נויטיקן זיך ניט אין די דערקלערונגען זאָל ניט געשטערט ווערן. די דערקלערונגען זיינען אָבער געגעבן אויפן זעלבן בלאַט און ניט צום סוף פון יעדער דערציילונג אָדער גאָר צום סוף פון בוך, כדי די, וואָס מוזן זיך באַנוצן מיט

זיי זאָלן דאָס קאָנען טאָן מיט וואָס ווייניקער איבעררייס, וואָס שטערט דעם אינטערעס און געניס פון לייענען.

די פראגן צום סוף פון יעדער דערציילונג באצוועקן צו דינען אלס אנרעגונג פאר די לייענער צו פארטראכטן זיך וועגן דאָס געלייענטע.

טעותן און געוויסע פעלער האָבן זיך אודאי ארײנגעכאפט אין דעם טעקסט ווי אין דער רעדאקציאָנעלער טייל. מיר וועלן דעריבער מיט דאנק אויפנעמען יעדע אנווייזונג אויף אזעלכע חסרונות מצד דער קריטיק און מצד די חברים לערער און זיי אויסבעסערן אין דער צווייטער אויפלאגע.

ש. ש.

---

## ביבליאָגראפיע

פון שטיינבערג'ס אידישע כתבים איז דאָס די ערשטע זאמלונג, עס זיינען אָבער דערשינען אין אידיש די פאָלגענדיקע איבערזעצונגען פון העברייאיש:

1. חסידישע מעשות איבערזעצט פון ב. ק. מיט א פאָררעדע פון ש. זעצער. אין שימינס וועלט ביבליאָטעק.

2. אין יענע צייטן איבערזעצט פון ב. ק. — אין שימינס וועלט ביבליאָטעק.

3. אין יענע צייטן איבערזעצט און געקירצט פאר יוגנט פון ב. עפעלבוים, פארלאג קולטור ליגע.

4. מעשהלאך, קינדער מעשיות, איבערזעצט פון ב. עפלבוים, פארלאג בלומען 1921

5. ראָזשינקעס מיט מאנדלען, קינדער מעשיות איבערזעצט פון ש. שאפּיראָ. מייזעלס פארלאג, ניו יאָרק.

# אינהאַלט: